בינעם העלער

# היימערד

## לידער

פארלאג „יידיש בוך" ווארשע 1951

# אויף אייביקייטן

דו פרעגסט פארוואָס איך בין אזוי פארביסן
און בוי מיין היים פארעקשנט און אויף דויער?
דאָס גליק האָב איך פון פלאָם ארויסגעריסן,
מיין גליק האָב איך ארויסגעפירט פון טרויער.

דו זעסט דאָס הויז אויף פעסטע פונדאמענטן?
איך האָב עס איבער חורבות אויפגעהויבן,
און דאָ, אַנטקעגן געטאָ דעם פארברענטן,
כ׳האָב אָנגעצונדן ליכט אין מיינע שויבן.

איך האָב עס נישט געטאָן בלויז לזכרון
פאר אלע, וואָס אן אָנדענק נאָך זיך מאָנען,
כאָטש כ׳וויל, אז נישט דער ווינט אויף וויסטע קברים
נאָר מיינע קינדער זאָלן זיי דערמאָנען!

נישט אויף קיין יאָרצייט, נאָר אויף אייביקייטן
האָב איך מיין הויז אויפסניי אוועקגעשטעלט דאָ.
איך וויל, אז אין מיין גאַנג צו העלע ווייטן
באַגלייטן זאָלן מיך די געטאָ־העלדן.

און אין דעם דור פון קאָמוניזם און שלום,
ווען ס׳וועט די פרייד פארהיילן אלע וווּנדן,
זאָל שיינען אין דעם פוילן פון מיין חלום
דאָס ליכט, וואָס איך האָב ווידער אָנגעצונדן.

# אומקער

מיר איז געווען באַשערט זיך אומצוקערן
אַהין פון וואַנען כ'בין אַרויסגעגאַנגען,
און ווײַנען אין דער שטאָט, ווו אַלע שטערן
געדענקען מײַנע ייִנגלשע געזאַנגען.

און יעדן טאָג שפּאַציר איך אויף די גאַסן,
ווו איך האָב מײַנע קינדער־טריט פֿאַרקנאָטן,
נאָר אין דער זון פֿון מזרח־מערבֿ טראַסע
איז אָפּטמאָל מײַן זכּרון בלויז דער שאָטן.

ניין, ס'טוט נישט וויי פֿאַר יענע קרומע שטיינער,
וואָס מ'האָט פֿון אַלטן ברוק אַרויסגעריסן.
מיר טוט בלויז וויי, וואָס ס'טרעפֿט מיך דאָ נישט קיינער
פֿון אַלטע פֿרײַנט, וואָס זאָל זיך מיט מיר גריסן.

נאָר טיילמאָל, אין דער רווישיקסטער באַוועגונג,
וואָס שפּאַרט פֿון וואַליע דורך דער בריק אַריבער,
דערזע איך פּלוצים: ס'ווערן פֿול די וועגן —
חבֿרים מײַנע, נאָענטע און ליבע!

זיי גייען פֿון דער מילע־גאַס, פֿון בונקער,
זיי גייען פֿון די געטאָ־באַריקאַדן,
ווי ס'וואָלט די אייביקייט זיי צו דעם אומקער
אין לעבן און אין הימלאַנד אײַנגעלאַדן.

עס וואַקסן אַן די מחנות און זיי פליסן.
צום פראַגער דענקמאָל פון די רויט־אַרמייער,
וואָס וואַרטן פייערלעך זיי צו באַגריסן
מיט ברידערלעכע הורא־אויסגעשרייען.

א רגע בלויז — די אייביקייט אויף פליגלען
הייבט אָן מיט די געשטאַלטן צו פאַרשוועבן.
די וועגן הייבן ווידער אָן צו שפּיגלען
מיט זון און מיט דעם וואַכעדיקן לעבן.

# חבר מיינער, קום שפּאַצירן...

חבר מיינער, קום שפּאַצירן,
ווייסט ווּהין איך וועל דיך פירן?

כ'האָב געהאַט א סך אדרעסן —
איינעם בלויז כ'האָב נישט פארגעסן.

אויף די ווייטסטע וואַנדער־וועגן
פלעג איך יעדן איינעם פרעגן:

חבר מיינער, זאָג מיר, חבר,
זאָג מיר, וווּ עס איז די פּאַוויע?

איינער האָט געפּרוּווט פאַרשווייגן,
און אַ צווייטער — שטיל פאַרבייגיין,

און א דריטער — מיט באַדויער —
האָט געוואָלט דערגיין גענויער:

וואָסער טויער, וואָסער נומער?
וועלכע פּאַווע, וועלכער זומער?

חבר מיינער, קום שפּאַצירן,
ווייסט ווּהין איך וועל דיך פירן?

דאָרט וווּ ס'איז מיין הויז געשטאַנען,
אויב דאָס הויז איז נישט פאַראַנען,

װעל איך זוכן כאַטש א ציגל,
כאַטש דאָס סאַמע לעצטע שטיגל,

װוּ עס איז א קינד געזעסן. —
כ׳האָב געהאַט א סך אדרעסן. — — —

חבר מײנער, זאָג מיר, חבר,
זאָג מיר, װוּ עס איז די פּאַװיע?

# אין הייליק־העלן פלאַם פון די מנורות...
(ביים דענקמאָל פון די געטאָ־העלדן).

אין הייליק העלן פלאַם פון די מנורות
האָט בראָנז און שטיין מיט לעבן זיך פאַרצווייגן —
פאַר אָט דעם דענקמאָל וועלן דורכגיין דורות
מיט ערפורכט און מיט טרערן אין די אויגן.

די העלדן וועלן שטענדיק בלייבן נאָענט
ווי נאָרוואָס אָנגעקומענע פון פייער —
פון אויפשטאַנד אין די סאַמע לעצטע שעהן —
פאַרוואונדעטע, נאָר מוטיקע און פרייע.

זיי זענען דורך דעם האָגל פון די קוילן,
דורך רויכן און דורך גליענדיקע ציגל,
כדי צו בלייבן אין דעם האַרץ פון פוילן
און אין זכרון אירן איינגעזיגלט!

מיר וועלן אייביק צווישן זיי דערקענען
די ליבע און די טייערע געשטאַלטן,
וואָס פייער האָט זיי נישט געקאָנט פאַרברענען,
און אויך דער טויט האָט נישט געקאָנט פאַרהאַלטן,

און ווען עס וועלן מער נישט זיין קיין שפורן
פון פעלקער־מערדעריי און פון צעשטערונג,
וועט אַלץ נאָך שטיין דער דענקמאָל פון גבורה —
פאַרגליווערט אין דער אייביקער פאַרערונג!

וואַרשע, 19 אַפּריל, 1951.

## פאַרשטעל

פאַרשטעל, פאַרשטעל מיט דיינע הענט מיין פּנים —
איך וויל שוין גאָרנישט, גאָרנישט זיך דערמאָנען.

איך וויל ביי דיר פון עבר זיך באַהאַלטן —
עס לויפן נאָך מיר הונדערטער געשטאַלטן,

און יעדע איינע וויל דעם וועג פאַרצאַמען,
נאָר פריער פון זיי אַלע לויפט מיין מאַמע.

זי רופט מיך נישט ביים נאָמען — בלויז זי שמייכלט,
זי וויל נישט מער — זי וויל מיך בלויז דערגרייכן,

זי וויל מיך בלויז דאָס וויג־ליד אירס דערמאָנען —
פאַרשטעל, פאַרשטעל מיט דיינע הענט מיין פּנים.

עס העלפן נישט קיין טירן, נישט קיין ריגלען —
זי קוקט צו מיר אַרויס פון אַלע שפּיגלען

און פירט פון דאָרט אַריין די גאַנצע עדה
אין מיין זכרון, ווי אין דעם גן־עדן.

פון אייביקייט דערגרייכן זיי דעם תענוג,
ווען אין מיין ליד איך ווער דורך זיי פאַרפּייניקט. —

פאַרשטעל, פאַרשטעל מיט דיינע הענט מיין פּנים —
איך וויל מער נישט, איך וויל זיך נישט דערמאָנען.

# שטילקייט פאַר געוויטער

צי האָב איך אַלע טרערן אויסגעוויינט?
צי איז מיין בלוט אינגאַנצן שוין פאַרביטערט?
צי איז דאָס האַרץ מיינס שוין אַזוי פאַרשטיינט,
אַז אויך פון אומגליק ווערט עס נישט צעשפּליטערט?

ווען כ'בין געוועזן ווייט פון אָט דעם אָרט,
האָט יעדער חלום מיך אַהער געצויגן,
און איצט, ווען כ'זע די שפּורן פונעם מאָרד —
ווי ווערן נישט פאַרגאָסן מיינע אויגן?

זאָל זיין, אַז ס'איז די וואָר אַזאַ קאַשמאַר,
פון וואַנען קיינער קאָן שוין נישט אַנטרינען? —
אַזוי האָט אויסגעזען דאָ די געפאַר,
וואָס פלעגט אַ וועג בלויז צו דעם טויט געפינען.

זאָל זיין — כ'האָב איינגעאָטעמט מיט דער לופט
פון מיינע סאַמע נאָענטסטע די אַש,
און איך טראָג זיי ארום איצט אין מיין גוף
און קאָן זיי פון מיין בלוט שוין נישט פאַרוואַשן?

און אפשר גאָר האָט זייער לעצטער בליק
פאַרברענט דאָס ליכט, וואָס שיינט פון אַלע זאַכן,
און פון דעם לעבן אָפּגעשיידט דאָס גליק,
דעם וויי, די פרייד — פון וויינען און פון לאַכן?

נאָר ניין — דאָס קלויבט זיך אָן אין מיין געמיט
די דראָענדיקע שטילקייט פאַר געוויטער.
באַלד וועט דאָס וואָרט אַ לויף טאָן ווי אַ בליץ,
ווען דורך מיין האַרץ אַדורכגיין וועט דער ציטער.

מאַידאַנעק, 1950

# אין חודש פון די געטאָ־העלדן

און כאָטש די גאסן ליגן אויפגעריסן,
די ציגל זעען אוים נאָך אָנגעגליטע —
אין חודש פון די געטאָ־העלדן — ניסן —
פארלירט אפילו דאָ דער טויט זיין שליטה.

איך קום אהער און טרעף א בלויען הימל —
פון פייער איז ער דאָ געוואָרן ריינער.
איך בייג זיך אָן צום ערשטן פרילינג־בלימל,
וואָס רייסט זיך מיט דעם ווילדגראָז צווישן שטיינער.

ס'איז שטיל ארום און בלויז דער ווייטער ניגון
פון אספאלטירטע גאסן קומט צו שוועבן
און ווי דער ווינט — ער הייבט מיך אָן פארוויגן
צום חלום וועגן ווערנדיקן לעבן.

מיין קאָפּ בלייבט ליגן אויף די הארטע שטיינער,
דאָס געטאָ־בליעכץ דעקט מיר צו די אויגן.
איך הער ווי ס'רירן זיך די טויטע ביינער,
ווי אונטער מיר זיי וואָלטן זיך באַוויגן.

און פלוצלינג וועקט פון שלאָף מיך אויף א בויער —
די שרפה־ציגל קלייבט ער דאָ צוזאמען.
מיט זיי שטעלט ער צוריק צונויף די מויער,
וואָס איז אמאָל אוועק שוין אין די פלאַמען.

# זיי דאַרף מען ווידער באַשטראָפן

און דאָס איז מיין בלוטיקער יחוס,
אויף דעם בין איך איבערגעבליבן —
אויף ענדיקן יענע שליחות
פון די, וואָס דער טויט האָט פאַרטריבן:
מיין מאַמע,
מיין שוועסטער,
די ברידער, —
איך האָב זיך מיט זיי נישט געזעגנט,
דערפאַר אין קאַשמאַרן און לידער —
כ׳האָב הונדערטער מאָל זיי באַגעגנט.

פון זיי האָב איך נישט קיין צוואה
געפונען אין וואַרשעווער געטאָ.
איך זע בלויז די פויסטן, וואָס דראָען,
איך זע נאָר די אויגן, וואָס בעטן:
אויב דו וועסט פאַרברעכנס פאַרגעבן —
וועסט דעמלט אונדז נאָכאַמאָל שענדן,
אויב דו וועסט נישט שיצן דאָס לעבן —
א צווייט מאָל דו וועסט אונדז פאַרלענדן!

ס׳איז שווער אָפּצוזוכן דאָס פּנים
מיין מאַמעס פון צווישן דעם חורבן,
נאָר לייכט איז דערקענען די שונאים,
וואָס האָבן אַמאָל זי געמאָרדעט:
זיי שטשירען די ציין אין קאַרייע
און שפּייען אויפסניי פונעם וואָפן
דעם טויט און די נאַצי-געשרייען.

און זיי דאַרף מען ווידער באַשטראָפן!

די ברידער, וואָס זענען פאַרשוווּנדן,
וועל איך שוין אינערגעץ נישט טרעפן.
מיר זענען באַקאַנט בלויז די וווּנדן —
זיי האָבן זיך ווידער געעפנט,
ווי ס'וואָלטן די פיינט אָט די קוילן —
געצילט אין פּהעניאַן — אויך געטראָפן
א צווייט מאָל אין וואַרשע, אין פּוילן.

און זיי דאַרף מען ווידער באַשטראָפן!

# גערולד, מיין קינד...

— גערולד, מיין קינד, מיר וועלן באַלד דערגרייכן
דעם שפּיץ פון אַלע בלענדנדיקע הייכן. —

מיט רייד אַזעלכע רעדט משוגע־איידל
אַ מאַמע צו איר איינאונאיינציק מיידל.

נישטאָ אין געטאָ ווו דעם פוס צו שטעלן:
דאָס פייער פלייצט אַריבער אַלע שוועלן.

נאָר אין דעם ים פון רויך און ווילדע פלאַמען
די ליבשאַפט פירט נאָך בלינדערהייט אַ מאַמען...

— גערולד, מיין קינד, מיר וועלן באַלד דערגרייכן
דעם שפּיץ פון אַלע בלענדנדיקע הייכן. —

אָט זענען זיי דורך ברענענדיקע שטיגן
צום אָנגעגליטן דאַך אַרויפגעשטיגן.

דעם לעצטן וועג שוין אויכעט בייגעקומען —
זיי שטייען ביידע פרום אַרומגענומען.

דאָס פייער נעמט אַראָפּ פון זיי די קליידער —
זיי שטייען פרום אַרומגענומען ביידע...

— גערולד, מיין קינד, מיר וועלן באַלד דערגרייכן
דעם שפּיץ פון אַלע בלענדנדיקע הייכן. —

דאָס פייער נעמט דער טאָכטערס לייב באַלעקן,
די מאַמע פּרוווט זי מיט איר גוף פאַרדעקן.

די פונקען רוישן, ווי די סדומער בינען —
דער מאַמעס ליבשאַפט איז נאָך ביי דעם זינען.

— געדולד, מיין קינד, מיר וועלן באַלד דערגרייכן
דעם שפּיץ פון אלע בלענדנדיקע הייכן. —

##ביים וויגל זענען ציגעלעך געשפּרונגען

ביים וויגל זענען ציגעלעך געשפּרונגען,
דאָס וויגל האָט געזאָלט צום הימל גרייכן.
מיין מאַמע האָט אַ ליד אַזאַ געזונגען —
אַ העלפט פון ניגון און אַ העלפט פון שמייכל.

בין איך אַוועק אויף מוראדיקע וועגן,
איך האָב די שוואַרצע האָר זיך אָפּגעפּרוירן,
איך האָב די אויגן אויסגעשווענקט אין רעגן —
און כ'האָב מיין מאַמעס שיינע ליד פאַרלוירן. — — — —

דער הימל איז געוואָרן אויסגעשטערנט,
מיין האַרץ געווען איז וואַרטנדיק פאַרצאַפּלט.
מיין שוועסטער האָט אַ ליד מיך אויסגעלערנט —
אַ ליד אַזאַ מען היט ווי דאָס שוואַרצאַפּל.

בין איך אַוועק אין וואַלד און אין וואַנדער,
די היים פאַרטוישט אויף הונדערטער אַדרעסן.
און דאָרט האָט זיך דאָס ליד געזונגען אַנדערש,
און דאָרט האָב איך מיין שוועסטערס ליד פאַרגעסן. — — — —

ווען כ'בין געקומען פון די וויטע לענדער
און כ'האָב דערזען, אַז אויף די שוואַרצע שטיינער,
ווו ס'איז אַמאָל מיין אָנהייב־וועג געווען דאָרט,
איז קיינער נישט געבליבן, נאָר איך איינער —

האָב איך דערמאָנט מיין מאַמעס שיינעם ניגון,
האָב איך דערמאָנט מיין שוועסטערס ליד־אין־טרערן.
אַ שטילער ווינט האָט מיך גענומען וויגן,
דער הימל האָט זיך ווידער אויסגעשטערנט.

## אַ קורצער וועג

דעם קורצן וועג וועט קיינער נישט פאַרמעקן —
אַהער קום איך צוריק פון אַלע עקן.

דאָס איז די גאַס, וואָס פלעגט אַמאָל מיך פירן
צום ענגן חדר — פון דער ענגער דירה.

אויף אָט דעם וועג פלעגט אָפט אַזוי זיך מאַכן,
די ווינטן זאָלן חוזק און לאַכן.

געהעצט און פון געדויש אַרומגערינגלט
געלאָפן שנעל אין חדר איז אַ ייִנגל. — — —

פון אַלע וועגן — ליכטיקע און קרומע —
בין איך צו אָט דעם וועג צוריקגעקומען.

נאָר נעבן הויז, וווּ ס'איז געווען דאָס חדר,
שטייט איצט אַ גרויסע נייע שול-געביידע.

און דורך דער גאַס, וואָס איך האָב אויסגעטראָטן
לויפט ווידער יעדן טאָג אַ קינדער־שאָטן.

דאָס גייט מיין קינד אין שול און איר פון הינטן
עס לויפן נאָך די שטיפערישע ווינטן.

עס שלינגט זי איין אַ הויז מיט ווייסע שויבן,
צו זון און צו די הימלען אויפגעהויבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צו אַט דעם וועג בין איך צוריקגעקומען
פון אַלע וועגן — ליכטיקע און קרומע.

נאָר ווי איך בין אַמאָל אויף אים געגאַנגען,
און ווי אַזוי ער פלאַנטערט די געזאַנגען —

ווער ווייסט, צי דאַרף איך דאָס מיין קינד דערציילן?
די ווונדן מיינע כ'דאַרף אליין פאַרהיילן.

# אין דער נייער שטאָט

איך קום איצט ווידער פון דער געטאָ־געגנט,
ווו ס'ליגט נאָך אַלץ מיין הויז אין שטויב און שטיין.
מיט בית־הקברות שמעקט נאָך דאָרט דער רעגן
און ס'יאָגט דער ווינט ווי ניגון פון געוויין.

דער יאָמער גייט אוועק אין יענער ריכטונג,
ווו ס'איז אַמאָל אוועק דער שווארצער רויך,
כאָטש איצט איז דאָרט אין נייע הייזער ליכטיק
און פענצטער שטייגן איבער שטאָקן הויך.

נאָר דאָ, פון העלדן־דענקמאָל די געשטאַלטן,
זיי רייסן זיך אַהין מיטן ווינט און פלאַם.
און שווער איז זייער אימפעט צו פארהאלטן —
זיי ברעכן ווידער איין דעם געטאָ־צאַם!

זיי קומען צו די נייע שלום־שכנים,
זיי קומען פון דער גאַס וואָס ליגט פארברענט,
און לייגן פאָר צו בויען דאָ אינײנעם
די גרויסע שטאָט — מיט ברידערלעכע הענט.

זיי ווילן מער נישט וווינען אין דעם קווארטל
פון אָפּגעזונדערטקייט און וויסטער נויט,
ווו אלע ברוקן ליגן אין דערוואַרטונג
און גרוילן פאַר דעם דראָענדיקן טויט.

זיי קלעטערן אויף רושטאָוואָניע-לייטערס,
פּונקט ווי אַמאָל — אויף ברענענדיקע טרעפּ,
און וואַנדערן פון איין גאַס צו דער צווייטער
ביז — אַט די נייע שטאָט ווערט אויפגעלעבט

אַזאַ, ווי זי האָט אויסגעזען אין בענקען —
פון אומגליק פריי און פון דער שנאה ריין.
און דעמלט גייען זיי צוריק צום דענקמאָל
פאַרוואַנדלט ווערן ווידער אינעם שטיין.

## צו אַן אַמעריקאַנער יידישן דיכטער

דו האָסט זיך אויסגערופן פאַר מקונן
און ברייט מיר אָנגעבאָטן דיין באַדויער.
נאָר בעסער וואָלט געווען, ווען וואָלסט מיך שוינען
און מיך אליין געלאָזן אין מיין טרויער.

פאַר מיר איז דאָ אויף יעדן שטיין פאַרשריבן
מיט פלאַמען און מיט צאָרן דאָס דערמאָנען,
אַז אַלע, וואָס מען האָט אין טויט געטריבן —
זיי וועלן ווידער קומען עפּעס מאָנען. —

דערפאַר איז דיין רחמנות מיר דערווידער
און כ׳קאָן נישט ליידן דיינע פאַלשע טרערן.
אויף צו געדענקען מיינע טויטע ברידער
באַדאַרפסטו מיך מיט גראַמען נישט באַשווערן.

זיי גייען הינטער מיר, ווי מיין זכרון
און אויך פאָרויס — אין ליכטיקייט זיי שוועבן:
זיי היטן אָפּ מיין ווייטיק און מיין צאָרן,
ווען כ׳הייב אויפסניי אָן פון דעם שיינעם לעבן.

# דאָס גרינע איז גוט צו די אויגן

דאָס גרינע איז גוט צו די אויגן,
דאָס בלאָע — צום שטילן געמיט.
א העלפט פון מיין גליק איז פארפלויגן,
די אנדערע העלפט — ערשט פארפליט.

אוממעגלעך איז איבערצוציילן
די גראָזן וואָס וואַקסן אין פעלד;
צו וואָס זאָל איך ווידער דערציילן
דאָס אַלץ, וואָס מיך אַרט און מיך קוועלט?

אין הימלען די ליכטיקע, קלאָרע
דערזע איך א פוכיקן שוים —
פון ווייטע, פארגאנגענע יאָרן
דערמאָנט מיך דאָס וואָלקנדל קוים:

א נאָמען, וואָס איז מיר געבליבן,
א שטימע, וואָס רופט מיך פון דאָרט —
דאָס אַלץ, וואָס דער ווינט האָט פארטריבן
און לעבט בלויז אין אייביקן וואָרט...

איך גיי דורך די זעלביקע טירן
און קום נישט אינערגעץ אריין —
מיין אומגליק, ווו ווילסטו מיך פירן
אין אָט דער נישט-דאָיקער שיין?

צום הויז וואָס איז בלויז ווי א צייכן
פון זכר לחורבן — אַ שטיין?
אהין, ווו עס קאָן בלויז דערגרייכן
— דער ניגון פון שטילן געוויין?

איך וויל פאר דעם לעבן נאָך טויגן,
— און גוט וויל איך זיין פאר דעם ליד!
א העלפט פון מיין גליק איז פארפלויגן
די אנדערע העלפט — ערשט פארפליט.

## יאָרצײַט

איר זענט אַרײַן אין קרײַז פֿון מײַנע אויגן,
פֿון דאַנען װעל איך אײַך שױן נישט פֿאַרלירן.
אַזױפֿיל יאָרן זענען שױן פֿאַרפֿלױגן
און אױך מײַן שװאַרצן קאָפּ געפּרוּװט באַרירן,
אױף אײַך בלױז, מײַנע נאָענטע און ליבע,
געװעלטיקט נישט דער ראַשער לױף פֿון יאָרן.
די שװעל פֿון אומקום זענט איר פֿרי אַריבער
און אין זכּרון — עלטער נישט געװאָרן.

פֿון אָנהײב האָב איך אײַך געפּרוּװט צו זוכן
און גאַנצערהײט פֿון טױט אַרױסצוקריגן.
איך האָב די פֿיס צעבלוטיקט איבער ברוכן,
אין שטומען חלום האָב איך אָפֿט געשריגן —
אױף ברוכן האָב איך קײנעם נישט געטראָפֿן,
אין חלום האָב איך נישט געהערט קײן עכאָ.
די פּוסטקײט איז געבליבן אַלץ נאָך אָפֿן,
געקוקט אױף מיר דורך אירע חורבה־לעכער.

נאָר אײנמאָל, אין אַ פֿרײלעכער מסיבה,
גראָד, װען איר זענט אַרום מיר פֿונעם זינען,
זענט איר די גרענעץ פֿון דער פֿרײד אַריבער
און פּלוצלינג, אומגעריכט פֿאַר מיר דערשינען.
דאָס לאַכן האָט זיך אָפּגעהאַקט אינמיטן,
דער שמײכל האָט פֿאַרגליװערט זיך אין װײטיק,
די לאָמפּ האָט זיך אױף טרױער־ליכט פֿאַרביטן,
כּדי איר זאָלט אױף אײביק מיך באַגלײטן.

# דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע

אין װאַרשעװער הױפֿן אָן גרינס און אָן בלומען —
װי שנעל איז געלאָפֿן אַ זומער נאָך זומער!
אַ פֿריילעכער טומל איז שטענדיק געשטאַנען,
פֿון מײדלעך, װאָס שפּילן אין ראָדענעראַנע,
פֿון ייִנגלעך, װאָס זינגען אין שול און אין חדר,
פֿון שנײדערס, װאָס זינגען בײם נײען די קלײדער,
פֿון קלעזמערס, װאָס שפּילן אויף פֿידלען און פֿלײטן,
פֿון בלעכערס, װאָס שרײַען: „פֿאַריכטן, פֿאַרלײטן!"

אין אײנעם אַ הױף האָט געװױנט אַזאַ ייִנגל —
מיט ליכטיקע אויגן, אויף שרויפֿן אַ צינגל.
אין שול איז דאָס ייִנגל דער תּלמיד — דער בעסטער
און צװישן חבֿרים — דער שטיפֿער, דער גרעסטער.
װו נאָר ער פֿלעגט קומען, פֿלעגט פֿרײלעכער װערן,
דער װײנער אַפֿילו פֿלעגט שמײכלען דורך טרערן.
פֿאַר אַלעמען איז ער געװעזן אַ חבֿר —
אַזאַ איז געװעזן דאָס ייִנגל פֿון פּאַװיע.

געקומען דער נאַצי, פֿאַרמאַכט אַלע גאַסן.
געקומען, באַפֿוילן די ייִדן צו האַסן.
קײן ברויט און קײן ליכט זאָל נישט זײַן אינעם געטאָ,
נאָר קינדער, װאָס בעטלען אין פֿראָסטיקן װעטער,
און טאַטעס, װאָס ליגן געשװאָלן פֿון הונגער,
און שװעסטער, װאָס שפּײַען אין בלוט אויס די לונגען,
און מאַמעס, װאָס זינגען מיט ליפּן פֿאַרשמאַכטע
דאָס ליד פֿון דער נויט אין דעם געטאָ פֿאַרמאַכטן.

דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע ווערט בלאַסער און בלאַסער.
אויף שטילן דעם הונגער איז ווייניק דאָס וואַסער,
אויף שטילן דעם ווייטיק איז ווייניק דער צאָרן —
זיין שמייכל איז לאַנג שוין פֿאַרלאָשן געוואָרן.
ער ווייסט, אַז מען דאַרף איצט זיין דרייסטער און פֿלינקער —
עס גייען טראַנספּאָרטן אַוועק קיין טרעבלינקע,
ער ווייסט, אַז עס גייען אַוועק מיטן פֿייער
די טאַטעס, די מאַמעס, חברים געטרייע.

נאָר פּלוצלינג צעטראָגט זיך אַ ליכטיקע בשורה:
עס שטעלט זיך דאָס געטאָ אַנטקעגן מיט גבורה!
עס פֿאַלן פֿאַשיסטן אין קאַמף מיט די ייִדן
און ס'פֿלאַטערט אַ שטאָלצע די פֿאָן פֿון מרידה! —
דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע רייסט דורך זיך דורך רויכן,
ער שפּרינגט איבער חורבות און ווערט נישט געשטרויכלט,
ער קומט אינעם שטאַב פֿון די קעמפֿער און מעלדעט:
כ'וויל לעבן און שטאַרבן — אַ העלד צווישן העלדן!

— — — — — — — — — — — — — — —

נישטאָ יענער הויף שוין, נישטאָ שוין די פּאַוויע.
און ווו איז דאָס ייִנגל — דער גאָלדענער חבר?
קאָן זיין, אַז ער לעבט, אַז ער איז דאָ פֿאַראַנען,
אַלציינס — לאָמיר איצט אים מיט ערע דערמאָנען.
דער שונא איז טויט און דאָס לעבן דאָס נייע
מיר האָבן באַקומען אין קאַמף און אין פֿייער —
מיר וועלן דעם אָנדענק פֿון העלדן באַערן —
ביים הייליקן אָנדענק — מיר שווערן, מיר שווערן!

## ביים ראָג פון זאַמבקאָווסקע—טאַרגאָווע

אויב דו וועסט מיך טרעפן אַמאָל, אין פאַרנאַכט,
אין פּראַגע, ביים ראָג פון זאַמבקאָווסקע־טאַרגאָווע —
זיי וויסן, אַז דאָס איז אַ ווייטער פאַרדאַכט,
נישט מער, ווי אַן אָפּשיין פון דיינס אַ מחשבה. —

געוועזן וואָלט דאָס וואָר, ווען איך וואָלט דאָ דערקענט
די לופט פון דער קינדהייט, דאָס גראָז פון די סקווערן.
די לופט און דאָס גראָז איז געוואָרן פאַרברענט
איניינעם מיט יענע פאַרכישופטע שטערן.

די גאַס איז פאַראַן, און מיין הויז שטייט דאָ גאַנץ,
און ס׳פירן די זעלביקע הילצערנע שטיגן
אויף וועלכע איך בין אין אַ שיכּורן טאַנץ
אַמאָל צו דער פרייד און צום וואָקסן געשטיגן.

נאָר איצט האָט דאָס לעבן דאָ נישט קיין רשות —
איך שטייג אויף די טרעפּ און ווער לייכט ווי אַ שאָטן.
אין וואַקל און שרעק זוכט אַן אָנשפּאַר מיין פוס,
ווי איך וואָלט אין חלל נישט זיכער געטראָטן.

איך קאָן מער נישט שרייען. איך ווייס, אַז מיין קול
איז טויט אין דעם לאַנד פון זכרונות און נעמען.
איך וויל בלויז אַנטלויפן, אַזוי ווי אַמאָל,
ווען כ׳פלעג מיט די יינגלשע טרערן זיך שעמען. — —

זאָל בלייבן, זאָל בלייבן אַלץ פינצטער־פאַרמאַכט.
און איך — אויפן ראָג פון זאַמבקאָווסקע־טאַרגאָווע —
וועל דאַרפן פאַרשווינדן אין גרויען פאַרנאַכט,
אַזוי ווי דער אָפּשיין פון דיינס אַ מחשבה.

## צו פּאָל ראָבסאָן

איך טראַכט,
אַז ווו דו זינגסט —
דאָרט ווערט דער צענטער פון דער ערד.
איצט קלעטערט דיין שטים
אריבער די קברים און הייזער
וואָס שטייען צעשטערט:
— זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג — — — —

דאָ איז געווען די שלאַכט.
אויף דעם סקעלעט פון טרעפּ,
פון קעלער ביז צום דאַך,
ווו ס'לויפט אַצינד דיין קול —
געשווינדלט האָבן קעפּ,
די רויטע פאָן,
דאָס ליד:
— זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג — — — —

ארום דיין שטים די לופט וויברירט,
ווי פלאַם ארום
און דיין געזאַנג שטייגט אויף
און פירט
אויף שפּור פון רום.
פון אָט דעם אָרט
דערגרייכט האָט דיך דאָס לעצטע וואָרט
פון געטאָ־העלד —
און אָפּגעבראַכט
מיט פולן קול
האָסטו דו דאָס ליד:
— זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג — — — —

דו קומסט פון לאַנד
ווו האָס
האָט דיר פאַרוועַרט די ברייטע גאַס,
פאַריאָגט
אין געטאָ פון דיין הויט.
דו זינגסט דאָס ליד פון פאָלק
וואָס ווערט געשיקט —
ווי דיינס —
אויף ערשטער ליניע פונעם טויט:
— זאָג נישט קיינמאָל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג — — — —

עס שלאָגט דיין קול, ווי דער ניאַגאַראַ־פאַל,
זיין שטראָם פאַרכאַפּט דעם צאָרן און דעם וויי,
מיין וואָרט און דיין געשריי —
אין דעם זעלבן ליד
פון נעגער און ייִד:
— זאָג נישט קיינמאָל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג — — — —

# א פרוי אין א טוך

פארמאך נישט די טיר!
זי עפנט זיך סיווי ביים מינדסטן באריר,
און איבער דער שוועל קומט אריין אויף באזוך
א פרוי אין א טוך.

וואס העלפט, אז איך שריי?
אין שוויגן פארביסן זי גייט מיך פארביי —
באהאלטן דאס פנים, די האר און די הענט.
איך האב זי דערקענט!

בלייב שטיין א מינוט!
דו ברענגסט איצטער ווידער דעם ריח פון בלוט:
ביסט דו דאס מיין מאמע? לויפסט ווידער אוועק
פון אומקום און שרעק?

ווי איז דאס געשען,
אז כ׳זאל דיך צוריק איצטער ווידער דערזען?
דיין אומקום איז לאנג דאך געווארן געשווינד
געפייערט פון ווינט.

ער האט דיך בארויבט
פון מלבוש און גוף און צעטראגן אויף שטויב.
מיט רויכן די זון פונעם הימל פארשטעלט
און דיך — פון דער וועלט.

ווי קומסטו צוריק? —
דאָס האָט דיך אוודאי באַשאַפן מיין בליק,
אַז קאָנען צוזאַמען מיט מיר זאָלסטו זיין
אויף אומעט און פיין. — — —

נו, גוט, איך בין שטיל.
נאָר איין זאַך — דיין פנים, איך בעט, נישט אַנטהיל!
זאָל בלייבן, אַז דו האָסט זיך מיר בלויז געדוכט —
א פרוי אין א טוך.

# דער ברוק איז געבליבן

אפילו דאָס רוישן פון שטאָט,
דאָס סקריפּען פון רעדער און אייזן,
ווערט גאָרנישט באַווייזן,
ווערט גאָרנישט באַווייזן.

מיין טראָט איז איצט פעסט —
אין אים איז געניטקייט פון וואַנדער פאַראַנען.
נאָר די שוועל איז פאַרוואָרפן מיט ברוך
נישט אַריבערצושפּאַנען,
נישט אַריבערצושפּאַנען.

עס גלאָצן די פינצטערע לעכער
אַרוים פון די הייזער סקעלעטן,
ווי בלויז אויף דערמאָנען —
זיי שטייען אצינד, ווי מאַקעטן.

ווער ס'וויל,
דער זאָל לעזן די שריפט
אויף שטיינער פון דענקמאָל פאַרשריבן.
פאַר מיר
איז דער גאַנג פון מיין פאָלק
אויף שטיינער פון דזשיקע געבליבן,
אויף שטיינער פון דזשיקע געבליבן.

פון אונטן —
די קופּעס פון ציגל און גלאָז,
די ווינטן, וואָס ווילן פאַרקערן.
און אויבן —
א הימל
מיט פרישע
אויף פּסח געשייערטע
גאָלדענע שטערן.

אינמיטן —
די שטילקייט, וואָס שטייגט פון די טויזנטער קברים.
די שטילקייט,
וואָס דאַרף איבערשרייען
דאָס רעדן פון הונדערטער יאָרן.

איך הייב אָן צו גלייבן
אַז איך בין אַמאָל דאָ געווען שוין,
אַז איך האָב געפונען
א שטאָט
מיט פארלוירענע מענטשן.

דער ברוק איז געבליבן,
דער ברוק איז געבליבן,
ווי עמיץ זאָל ווייזן א צייכן,
אַז איך וועל נאָך קאָנען
צו היים און צו אָנהייב דערגרייכן,
צו היים און צו אָנהייב דערגרייכן.

וואַרשע, מערץ 1949.

# דעם אָנדענק פון רעגינע פּליסקין

און כאָטש איך גלייב שוין לאַנג נישט אין קיין ניסים
און וויים, אַז טויטע קומען נישט צוריק —
האָט איצט אין דמיון זיך אריינגעריסן
דאָס געסל ביי דעם פּלאַץ פון רעפּובליק.

און איבער די פּאַריזער נאַסע שטיינער
גיי איך אויפסניי פון פינצטערן האָטעל,
ווו ס'האָט זיך איינגעזאַפּט אין מיינע ביינער
אזויפיל פרעמדקייט און אזויפיל קעלט.

מיך ציט אהין צו דיר דער גוטער שמייכל
וואָס רייסט זיך, ווי די זון, דורך דעם טומאַן.
מיין היים איז ווייט און שווער איז זי צו גרייכן,
נאָר היימישקייט איז אויך ביי דיר פאַראַן.

מיין יעדער קלאַפּ אין טיר איז דיר פאַרשטענדלעך
און דו דאַרפסט מיך נישט פרעגן וואָס איך וויל:
איך קום, ווי שטענדיק, פון דער שטאָט דער פרעמדער,
פון אירע שוואַרצע הייזער אויף בעלוויל.

די וואַרעמקייט, וואָס גייט פון דיינע אויגן
דערגרייכט מיך שטילערהייט און אומבאַמערקט,
ווי מיט דעם מאַנטל כ'וואָלט אראָפּגעצויגן
פון זיך די נאַסע קעלט, וואָס האָט געשווערט.

מיין קאַרגע שפּראַך וועט דורך דיין שטים געעפנט
און מיטאַמאָל ווערט ליכטיק אין געמיט.
מיט דיר ווערט לייכטער ווידער אָנצוטרעפן
אויף יענעם וועג, וואָס פירט צו היים און ליד. — — — —

צי איז דען דאָס אינגאַנצן מער נישטאָ שוין,
צי איז דאָס בלויז פאַרשווונדן פון מיין בליק? —
אין דמיון מיינעם בלייבט אַלץ נישט פאַרלאָשן
דאָס געסל ביי דעם פּלאַץ פון רעפּובליק.

# לייכטנדיקע ווונדן

די גאַנצע שטאָט וועט ווערן אָפּגעבויט
און בלויז דער דענקמאָל אויפֿן פּאָן פֿון ציגל
וועט רייסן זיך, ווי פֿריער, פֿונעם טויט
מיט ווונדיקע און פֿייערדיקע פֿליגל.

נאָר נישט פֿאַרשטעלן וועט ער דאָ די שיין
און נישט באַשווערן וועט ער דעם זכרון —
ער וועט אין דער טאָג־טעגלעכקייט אַריין,
דורך דאָרטן וועט ער דויערן אויף יאָרן.

פּאָר קינדער פֿון דעם אויפֿגעריכטן דור,
וואָס וועלן שפּילן זיך ביי זיין צופֿיסנס
פֿאַרוואַנדלט וועט ער ווערן אין א וואָר
וואָס האָט זיך פֿון א ליד אַרויסגעריסן.

דער בראָנז פֿאַרלירן וועט פֿון זיין פּאַטין
און לייכטן וועלן ווידער אַלע ווונדן,
ווי דעמלט, ווען א העלדישער באַגין
האָט זיי אויף אייביקייטן אָנגעצונדן.

# היימערד

פון דיר, מיין היימערד, וועט מען מיך נישט טרייבן
נישט מיט געשריי און אויך נישט מיט געוויין.
איך האָב געלעבט דאָ טויזנט יאָר, און בלייבן
וועל איך נאָך דורערהאפטיקער פון שטיין.

די ווינטן דיינע האָבן מיך פארקנאָטן
מיט זאַמד און שטויב, מיט שווארצערד און מיט ליים.
די וועלדער האָבן מיר געשענקט דעם שאָטן
און דאָס געהילץ אויף בויען זיך א היים.

אזויפיל מאָל געבענטשט האָט מיך דיין רעגן
מיט אלע גוטע ברכות פון דער ערד. —
כ'בין דורכגעגאנגען, לאַנד מיינס, דיינע וועגן,
מיט דיינע לידער און מיט דיין געווער!

א דינער שיכט בלויז האָט פארדעקט די ביינער,
וואָס מיינע אבות האָבן דאָ צעזייט;
דער רעגן בלויז האָט אָפּגעמעקט פון שטיינער
מיין יחוס-בריוו, וואָס ציט זיך ווי א קייט.

נאָר אין די טייכן דיינע און אין קוואַלן
האָב איך מיין בלוט מיט פוילישם אויסגעמישט,
און אויף דיין ערד בין איך אין שלאכט געפאַלן —
איך זאָל פון איר נישט ווערן אָפּגעווישט.

די טריישאַפט איז פון בלוט נישט אויסצושווענקען,
נישט אָפּצוואַשן איז זי פון מיין הויט. —
אויף די רואינען וועט מען מיך געדענקען
און אויך אין יעדער שטאָט, וואָס ווערט געבויט!

# אַ דאַנק

*

ווי נעמט מען די שטילקייט פון פויגל וואָס פליט?
איך וויל, אַז אַזוי זאָל דאָס יידישע ליד,
וואָס כ'שרייב אין דער נאַכט אויף דער פוילישער ערד,
דערגרייכן קיין מאָסקווע און ווערן דערהערט.
איך האָב אינעם פייער פאַרלוירן אַ סך,
נאָר לעבן געבליבן מיט מיר איז מיין שפּראַך,
ווו אייגן און טייער איז יעטוועדער טאָן
און — דאָרט שטייט דיין נאָמען און רום אויבנאָן.
איך וווין איצט אויפסניי אויף דער זעלביקער גאַס,
ווו ס'האָבן די הייזער געשיילט זיך פון האַס,
ווו ס'האָבן די שטיינער פון שנאה געגליט,
ביים בלויזן דערמאָנען דעם נאָמען פון ייד.
איך וויים, אַז די לופט, וואָס איך אָטעם אַצינד,
איך וויים, אַז די לויטערע פרייד פון מיין קינד —
געגרייכט האָט פון קרעמל אין אָט אַזא נאַכט,
ווען דו האָסט דעם גורל פון פעלקער באַוואַכט;
ווען דאָ, אין דער שטאָט, וואָס ווערט ווידער פאַרבויט
געגאַנגען מיין פאָלק איז אין קאַמף און אין טויט
מיט קאַרגן געווער, אָבער זיכער אין זיג —
ווייל דו האָסט געפירט פון די פעלקער דעם קריג! — —
ס'איז איצטער דעצעמבער, אַ ווינטיקע נאַכט.
און איך בין מיט ליכט אין מיין צימער פאַרמאַכט:
דאָס איז ער, דיין נאָמען, וואָס שיינט פון פּאַפּיר
ווו יעטוועדע שורה פון מיר — איז צו דיר,
און יעטוועדער טאָן פון מיין יידיש געזאַנג
איז: סטאַלינען — לויב, פאַר סטאַלין — אַ דאַנק.

וואַרשע, 1949

# יאָרן, מאָסקווער יאָרן

יאָרן, מאָסקווער יאָרן,
פריידיקע און שטרענגע —
בלייבט אין מיין זכרון,
בלייבט דאָרט לעבן לענגער!

גלייך פון דער מהומה,
באַלד נאָך פוילנס פייער,
האָב איך אייך באַקומען —
מאָסקווער יאָרן פרייע.

ברויט האָט איר געגעבן,
קראַפט פאַר מיינע לידער;
מיין צעבראָכן לעבן —
אָנגעהויבן ווידער.

יאָרן, מאָסקווער יאָרן,
פריידיקע און האַרבע —
אייער ליכט און צאָרן
שפּילט אין אַלע פאַרבן.

טאָג נאָך טאָג — נצחון
נאַכט נאָך נאַכט — סאַליוטן —
איר האָט דורכגעבראָכן
מיר א וועג צום גוטן!

אויף דעם פּלאַץ דעם רויטן
האָט פון אייך א שפּליטער
מיך פון אַלע טויטן
אויסגעלייזט מיט ציטער.

איצט דאַרף איך זיך שיידן —
נאָענטע און ליבע!
אַלע מיינע פריידן
לאָז איך אייך דאָ איבער.

איינע וועל איך נעמען,
איינער כ'וועל געהערן:
יענער נאַכט ביים קרעמל
מיט דעם רויטן שטערן...

יאָרן, מאָסקווער יאָרן,
פריידיקע און שטרענגע —
בלייבט אין מיין זכרון,
בלייבט דאָרט לעבן לענגער!

אין צוג מאָסקווע—וואַרשע, דעצעמבער 1947

## ראַקאָסאָווסקי גייט!

איך דערמאָן זיך א טאָג צווישן רעגן און שניי,
ווען דאָס האַרץ, א פאַרקלעמטס צווישן צאָרן און וויי,
האָט פאַר מאָסקווע געקלאַפּט און ביי מאָסקווע געוואַכט;
איך געדענק יענע צייט — די אומשטערבלעכע שלאַכט,
און צוויי ווערטער, צוויי ווערטער פון טרייסט און פון פרייד:
— ראַקאָסאָווסקי גייט!

ביז צום האַלדז אינעם פייער, אין בלוט ביז די קני,
אויף אַן ערד, וווּ די ביימער פאַרגעסן אין בלי,
וווּ די לופט און דער רוים און דאָס מענטשלעך געהער
איז צעהאַקט פון געשריי און פון לופט-שויץ געווער —
דאָרט האָט סטאַלין געמאָלדן מיט רויקע רייד:
— ראַקאָסאָווסקי גייט!

מיט דער שנעלקייט פון ווינט איז די בשורה אַוועק,
און נאָך פריער פון פלאָם איז געגאַנגען די שרעק,
און צעפלאָנטערט דעם טראָט, און צעריסן דעם גאַנג
פון דעם שונאס חיילות אין היטלער-געזאַנג,
ווען אַרוים איז דער האַס, ווי א שווערד פון דער שייד:
— ראַקאָסאָווסקי גייט!

אין ווייסרוסישע וועלדער האָט עמיץ דערהערט,
ווי עס האָט זיך א טרייסל געגעבן די ערד.
און געוועזן איז דאָס פּונקט, ווי מען צינדט אָן א קנויט
און עס גייט אָן אָן אויפהער דער אויפבריים, דער טויט —
די נקמה, וואָס סטאַלין האָט לאַנג שוין געגרייט:
— ראַקאָסאָווסקי גייט!

אויף דער פוילישער ערד, אין דער היים פונעם העלד,
האָט די ווייסל אין לויף אויף א ווייל זיך געשטעלט.
און געוואַרט איבער איר האָט די שטיינערנע בריק:
אין מונדיר פון באפרייער זאָל קומען צוריק
דער, וואָס האָט זי אמאָל איבער ברעגן געשפּרייט:
— ראָקאָסאָווסקי גייט!

איבער ווארשע האָט ווידער דער הימל געברענט
און אין חורבות פארוואנדלט די שטאָטישע ווענט —
די צעריסענע בריק האָט אין תהומען געקראַכט.
נאָר אויף יענער זייט ווייסל האָט סטאַלין געוואַכט
און געעפנט דאָס פייער אויף לענג און אויף ברייט:
— ראָקאָסאָווסקי גייט!

---

אונדזער ווילן איז שטאַרקער פון חורבן און טויט —
סטאַלינגראַד ווערט איינינעם מיט ווארשע געבויט!
און מיט זיכערן ריטעם קלאַפּט אויס יעדע שעה:
אין דעם בוי פונעם לאַנד — ראָקאָסאָווסקי איז דאָ,
אויב א שונא וועט וואַגן — ראָקאָסאָווסקי איז גרייט:
— ראָקאָסאָווסקי גייט!

# ליכט פון דער וואָלגע

אַזויפיל כוחות פון די טייכן שרייען,
אַזויפיל ליכט בלענדט אין די כוואַליעס ווילדע.
און בלויז דער פרייער מענטש, ער קאָן באַפרייען
די סטיכיע — פון אומהיימלעכן געפילדער.

פאַרנעם זיין טראָט! ער גייט שוין אַ באַפרייטער,
ער קומט פון רוסלאַנדס העלדישע געראַנגלען.
דעם קאַמף אויף בוי און בוי אויף קאַמף פאַרבייט ער —
דורךביידע וויל ער צו דעם גליק דערלאַנגען.

ער הייבט זיך אויף אויף ברעגן פון דער וואָלגע,
ער שטייגט אַרויס פון סטאַלינגראַדער שלאַכטן
און ער באַפעלט דעם טייך, ער זאָל אים פאָלגן
און גיין דעם וועג, וואָס ער ווערט אים פאַרטראַכטן.

אַ שפּאַר טאָן זאָל זיין קראַפט אין ווייטע העקן,
דערגרייכן זאָל זיין ליכט אין ווייטסטע ווינקלען —
מדבריות זאָלן זיך מיט גרינס באַדעקן
און דערפער זאָלן זיך אין נעכט צעפינקלען.

צו אַלע פעלקער זאָל דאָס וווּנדער גרייכן
און אין מיליאָנען לאָמפּן זיך באַווייזן:
דאָס וואָלגע-ליכט זאָל אויפגיין ווי אַ צייכן
פון שלום אין אַ וועלט פון בלוט און אייזן!

## געפאר

מיין ליבע, דו ווילסט פון געפאר מיך פארהיטן.
דו זאגסט, אז איך האב זי דערוווייל בלויז געמיטן,
זי גייט אויף מיין שפּור און זי פּרוווט מיך דעריאגן —
איך ווייס נישט, צי האסטו געדארפט מיר דאס זאגן.

אוודאי — ווי לאנג ס'וועלן לעבן די שונאים,
קאן ווידער דער טויט מיר נאך קומען אין פּנים.
דאס האט שוין, מיין ליבע, נישט איינמאל געטראפן, —
נישט איינמאל איז ער שוין דעם וועג מיר פארלאפן.
און איך בין געבליבן אין פּרווו און סכנה —
איך ווייס נישט, צי כ'דארף דיר דאס ווידער דערמאנען:
רעוויזיעס, און קלעפּ, און געשרייען, און קראטן
און — יענע, וואס האבן פארקויפט און פארראטן.

דו ווייסט, ווי מען דארף פון די קלעפּ זיך באשיצן?
די פיס זאלן שטיין און די ציין זאלן קריצן!
דו ווייסט, ווי מען דארף קעגן אומקום זיך ווערן?
מיט אפענע, גלויביקע אויגן — אן טרערן! — — —

דו ווילסט פון געפאר מיך פארהיטן, מיין ליבע?
נישט לאנג, און זי וועט שוין אויף אייביק אריבער,
זי וועט אויף דער ערד זיך נישט קאנען באווייזן,
ווען ס'וועט צו די פעלקער געהערן דאס אייזן —
דאס איינציקע מעכטיק-גערעכטע כלי-זין —
מאשינען, וואס דארפן דעם מענטשן באפרייען.

און טאקע דערפאר — אין די טונקעלע שעהן,
וואס פרוווון נישט דיך בלויז, נישט מיך בלויז באדראען,
דארף איך איצט אויך גרייט זיין צו גיין אינעם פייער —
פאר דיר, פאר דעם לעבן, פאר אלץ, וואס איז טייער.

יאנואר, 1951

# דער זעלבער מענטש

איך בין געווען שוין אין אזויפיל לענדער
און אומעטום — דעם זעלבן מענטש געטראָפן:
אין גוטסקייט איז ער, ווי דער ים, אומענדלעך,
און אין זיין גלויבן — ווי דער הימל אָפן.

געזען האָב איך אים אין די אַרבעטס־קליידער,
אָן אויסגעשמירטן אין די שווארצע איילן.
אויף יעדער שפּראַך האָט ער גערעדט — באַשיידן,
אין יעדן לאַנד — געוואָלט מיט מיר זיך טיילן.

ביים ערשטן האַנט־דרוק האָט ער מיך פאַרשטאַנען,
ביים ערשטן בליק — זיך פעסט מיט מיר פאַרברידערט,
געגלייבט, אַז אין מיין שפּראַך איז אויך פאַראַנען
דאָס וואָרט, וואָס טויג פאַר פריינטשאַפט און פאַר לידער.

געזען האָב איך, ווי ער צעשיט די זאַמען,
ווי ער פאַרגיסט די וועגן מיט אַספאַלטן,
ווי ער שטעלט אָפּ א טייך אין מיטן שטראָמען
און טאָפּלט זיין ענערגיע — דורך פאַרהאַלטן.

ער האָט פאַרבעטן מיך צו זיינע פריידן
און אויך צו אַלע זיינע גרויסע זאָרגן,
געשוווירן, אַז מיר זאָלן זיך נישט שיידן
אין קאַמף פון היינט און אין דעם זיג פון מאָרגן.

דאָס איז דער פּראָסטער מענטש פון אלע לענדער —
אין ארבעט און אין שלום איז זיין האָפן.
אין גוטסקייט איז ער, ווי דער ים, אומענדלעך,
און אין זיין גלויבן — ווי דער הימל, אָפן.

# בויער און וועכטער

ווער היט אצינד דיין היים אָפּ פון צעשטערן
און ווער פארשטעלט פון אומקומען — דיין קינד?
ווער וואַכט, אז אונטער לעבעדיקע שטערן
זאָל מער נישט גיין דער מדברדיקער ווינט?

דאָס איז דער מענטש, וואָס פלייסט זיך צו פארבאָרגן
די שפּורן פון דעם חורבן און פון טויט:
דעם טויט פארגעסט ער אין די נייע זאָרגן,
דער חורבן ווערט דורך אים צוריק פארבויט.

ער טראָגט אוועק די ציגל צו די הייכן
און הייבט צום הימל אויף די נייע שטאָט.
פון דאָרט דערזעט ער יענע שרפה־רויכן,
פון וועלכע אויך זיין ארבעט ווערט באַדראָט.

זיין בליק איז שאַרף און פריש איז זיין זכרון,
און די געפאר דערקענט ער און דערזעט.
און דאַך דערלאַנגט זיין האַנט — אריבער יאָרן —
צו יענער צייט פון פרידן און פון זעט.

אין ארבעטער־כאַלאַט איז ער דער וועכטער,
אַ בויער — אין דעם זעלנערשן שינעל.
אויף יעדן פּאָסטן איז ער דער גערעכטער,
דער שיצער פונעם לעבן אויף דער וועלט.

אין יעדן ליד זיין נאָמען וועסטו הערן,
זיין העלדישקייט דעם גאַנצן פאָלק געהערט:
ער בויט דיין היים און היט זי פון צעשטערן
מיט גוטע הענט און מעכטיקן געווער.

## ווידער

די הימלען זענען נאָכנישט אָפּגעוואַשן
פון שרפות און פון קרעמאַטאָריע-אַשן.

אין שטעט, וואָס הייבן אָן זיך ווידער בויען —
אַזוי פיל נאָך אלמנות צווישן פרויען.

אין שולן נייע, ליכטיקע און גרוימע —
אַזוי פיל שילער זענען נאָך יתומים.

און ערגעץ גרייטן ווידער גענעראַלן
דאָס קוים-פאַרהיילטע לעבן צו באַפאַלן.

מיט היטלער-שריט מושטרירן זיי סקעלעטן
די בליענדיקע פעלדער אויסצוטרעטן.

און ווידער גיין דורך אונדזער ווייץ און קאָרן
מיט טאַנקען קעגן אונדזערע טראַקטאָרן.

מיט בלוט זיי ווילן אונדזער גרינס פאַרפלעקן,
מיט רויך — די גאַסן פון די שטעט פאַרמעקן.

מיט באָמבאַרדירונגען די פרייד צעשטויבן,
מיט שרפה-פלאַם צעשמעלצן אַלע שויבן.

נאָר ס'זענען פריש ביי אונדז נישט בלויז די וווּנדן —
דער האַס צום פיינט איז ווייט נאָכנישט פאַרשוווּנדן.

דער האַס פון די יתומים און אלמנות
לעבט איצט אין אונדזער העלדישער עקשנות.

מיר בויען אַפּ, נאָר גרייט איז אונדזער וואָפן,
באַפרייטע מערדער ווידער צו באַשטראָפן.

## נישט בלויז מיט פייער

זיי גייען קעגן מיר נישט בלויז מיט פייער,
זיי ווילן טויטן נישט נאָר מיין געביין —
אויף דעם, וואָס איז נאָכמער פון לעבן טייער,
די שונאים מיינע שטשירען מיט די ציין.

אָן אויפהער פון באַהעלטעניש זיי שיסן,
כדי צו גרייכן מיך מיט זייער גיפט:
דער צביעותדיקער שמייכל אויף די ליפּן,
די קרומע כיטרעקייט אין זייער שריפט.

דערלאַנגען ווילן זיי צו מיין נשמה,
פאַרסמען זי מיט יאוש און מיט שרעק,
אַז אויף איר אָרט זאָל בלייבן בלויז געיאָמער,
זאָל בלייבן בלויז אַן אויסגעברענטער פלעק.

מיין יעדע שטרויכלונג איז פאַר זיי — נצחון,
מיין יעדער ווייטיק איז פאַר זיי אַ פרייד,
און דאָרט, ווו מיין עקשנות ווערט געבראָכן —
זיי זענען תיכף מיך צעברעכן גרייט.

זיי מיינען, אַז אַט וועל איך נעמען וואָיען
און בעטן רחמים ביי דעם גורל בלויז,
זיי ווייסן נישט, אַז דאָס איז דער נסיון
פונוואַנען איך גיי שטאַרקער נאָך אַרויס;

אַז מיט דער שנאה וועט זיי נישט געלינגען
פאַרברענען דאָס, וואָס ליבשאַפט האָט פאַרהיט —
ווי אַלע מאָל, וועל איך אויך ווייטער זינגען
פון גלויבן און פון קאַמף דאָס גרויסע ליד.

## פון בלענדנדיקע הייכן

און קומען וועט די צייט, דו מעגסט זיין זיכער,
ווען ס'וועט פארשווינדן יעטוועדע מחיצה
און קיינער וועט נישט דארפן זיך באשיצן
מיט גרענעצן פאר אנפאל און רציחה.

די פעלדער וועלן דעמלט ווערן ברייטער,
די וועלדער אלע — טיפער און געדיכטער
און יעדע פרייד וועט ווערן אומגעריכטער,
כאטש זי איז שוין פון לאנג אן אנגעגרייטע.

די טייכן וועלן זיך צוזאמענגיסן,
די גאנצע וועלט וועט ווערן אויפגעעפנט,
א לשון מיט א לשון וועט זיך טרעפן
און מיט די זעלבע לידער זיך באגריסן.

מיין שטים וועט דארטן קלינגען הונדערטפאכיק
און איבערקייקלען זיך אין גרינע טאלן
און קומענדיק צוריק אין ווידערקולן —
מיין יידיש ליד וועט ווערן דארט פילשפראכיק!

דאס אלץ זע איך פון בלענדנדיקע הייכן
וווּ איך בין, דורך געפארן, אויפגעשטיגן.
נאר ס'דארף נאך א מיליארדן־פאלק צו זיגן —
די גאנצע מענטשהייט זאל אהין דערגרייכן!

## צוויי וועלטן

1

פאַר וועמען האָט זיך אונדזער בלוט געגאָסן
און אויסגעשטאַנען אַלץ און אויסגעדויערט?
אין וועמענס נאָמען האָט דער העלד מאַטראָסאָוו
אין יענע שווערע טעג פון דעם נסיון
מיט אייגן לייב פאַרשטעלט די אַמבראַזורע?
צי האָט ער מיט זיין רוסישער גבורה
בלויז אייגן לאַנד און אייגן פאָלק פאַרטיידיקט? —
דערמאָן זיך ווי מען האָט די רויטע פאָנען
באַגעגנט אין אייראָפּע העל און פריידיק;
ווי יעדע שטאָט באַוואָרפן האָט מיט בלומען
דעם טאַנק, וואָס איז מיט פרייהייט אָנגעקומען.
דערמאָן זיך יענע וווּנדערלעכע מאַרשן
דורך שטעט מיט אויסגעמאָרדעוועטע געטאָס,
ווען די אַרמיי האָט אין איר מאַרש אויף וואַרשע
די טויט־פאַבריקן פון דעם דייטש צעשמעטערט.
ווי וואָלט דען איצטער אויסגעזען אייראָפּע
ווען, אויב אויף אייביק געבליבן מיטן שונא,
מיר וואָלטן ביז צום סוף נישט אויסגעדויערט?
דער עס־עס־מאַן געוואַקסט וואָלט איר צוקאָפּנס
און אין די שטעט, די וויסטע, אָן באַוווינער —
געשמעקט וואָלט נאָך מיט שׂרפה און מיט טרויער.
דאָס ווייסן די באַפרייטע פון די לאַגערס,
דאָס ווייסן די באַפרייטע פון די לענדער,
וואָס האָבן אינעם טרוים געקאָנט בלויז וואַגן
צו הערן אונדזער טראָט, וואָס ווערט אַלץ נענטער.
ווער וועט אַמאָל דען וועגן דעם פאַרגעסן?

קאָן זיין, בלויז די, וואָס ווילן נישט געדענקען,
אַז ווען זיי זענען רויק זיך געזעסן
און מיט דעם וואַסער פון לאַ־מאַנש פאַרשווענקען
געפּרוווט דאָס גרויע, שמוציקע געוויסן —
האָט ראַטנלאַנד אין בלוט זיך דורכגעריסן.
בלויז זיי, זיי ווילן אַלץ נאָך נישט באַנעמען,
אַז דאָרט וווּ אונדזער פוס האָט אויפגעטראָטן,
געמוזט פאַרשווינדן האָבן אַלע קלעמען
און פון פאַשיזם אויך דער לעצטער שאָטן.

2

אין האַלב אייראָפּע פייערן די פעלקער
די פרייהייט, וואָס געהער דעם פּראָסטן מענטשן,
און די, וואָס האָבן נעכטן נאָך געוועלטיקט —
זיי האָט דאָס פייער פון דער שטראָף פאַרלענדט שוין.
דאָס איז דער צווייטער טראָט פון דעם נצחון:
די נייע דעמאָקראַטיע פון יאָרהונדערט.
דאָס איז דער פייער, וואָס האָט אויפגעבראָכן
דעם פּריצים ערד, ווי אַ דערגרייכטן וווּנדער;
דאָס איז די פרייע, זינגענדיקע אַרבעט
אין אייגענע פאַבריקן און זאַוואָדן,
וווּ ס'האָט דער אַרבעטער, נאָך קאַמפן האַרבע,
צום ערשטן מאָל דערפילט זיך אויף זיין באָדן.
פון די קאַרפּאַטן ביז צו די באַלקאַנען,
דאָרט וווּ די שרפות זענען שוין פאַרשווונדן,
די ערד איז צו דעם פרילינג אויפגעשטאַנען:
די נייע דעמאָקראַטיע פון יאָרהונדערט.
נאָר ערגעץ אויפן ראַנד פון נייעם מאָרגן
דאָרט נעסטיקט נאָך די נאַכט פון שוואַרצער שנאה;
דאָרט האָט דער לעצטער שונא זיך פאַרבאָרגן
און קוקט נאָך אַלץ מיט אויגן גיריק־גרינע.

אויף ערדן פון די מערבדיקע זאָנעס,
אין שוץ פון ענגלאַנד און די „פרייע" שטאַטן —
דאָרט לעבן איצט אייראָפּעס אַלטע שונאים.
דער שונא איז אויף אונדזער ערד פאַראַנען
און אונדזער לופט ער אָטעמט און פאַרפּעסטעט.
דאָס וועלן מיר נישט אויפהערן דערמאָנען
בכדי אים אויסצוראָטן אין די נעסטן.
אין וואָסער אָרט ער זאָל זיך נישט באַהאַלטן,
אין וועלכן העק ער זאָל נאָר נישט אַנטרינען,
און ווי ער זאָל נישט בייטן די געשטאַלטן —
מיר וועלן אים מיט אונדזער ליכט געפינען.

3

עס איז אַ לאַנד אויף אונדזער ערד פאַראַנען,
וואָס איז אַקעגן רשעות אויפגעשטאַנען.

און אין זיין העלדיש בלוט, וואָס האָט געגאָסן —
אייראָפּע האָט מיט אים אַ בונד געשלאָסן.

ביי אים זי נעמט פון דרייסטקייט איצט דעם וואָפן,
ביי אים זי לערנט זיך דאָס שלעכטס באַשטראָפן.

ביי אים זי לערנט זיך מיט גוטס צו טיילן,
מיט בווּנג אירע וווּנדן— צו פאַרהיילן.

דאָס איז דאָס לאַנד, די פעסטונג פונעם שלום,
דאָס איז דאָס לאַנד פון ווירקלעכקייט און חלום.

איצט וויגן זיך אין שפע זיינע ברייטן,
די פעלדער ווערן רייף מיט אַלעם גרייטן.

עס וואַקסט די זעט און זיכערקייט אין ברויטן,
און ס'ווערט אַ קריג דערקלערט פאַר אַלע טויטן.

און אונדזער פֿירער אין די שווערע שלאַכטן,
פֿירט אָן דעם קאַמף איצט אין די טיפֿע שאַכטן.

ער פֿירט די שלאַכט אויף פֿעלדער און זאַוואָדן
און מיט זיין זאָרג איז יעדער טאָג געלאָדן.

און צו זיין בליק דעם רויקן און ווייטן
עס קומען אָן די פֿעלקער און די צייטן.

און ער פֿאַרשרייבט דעם פּסק פֿון דער געשיכטע:
אַז די באַוועגונג קאָן מען נישט פֿאַרניכטן!

# נאָכוווקס

זיי וועלן אונדזער ליבשאַפֿט נישט צעשטערן
די קינדער־אויגן שיינען ווי די שטערן,
די יוגנט־אויגן לייכטן ווי די זונען —
און קעגן זיי קאָן קיינער נישט געווונען!

אין אַלע שולן לערנען מיר די קינדער
זיי זאָלן ווערן מוטיקע דערפֿינדער
און טרייבן פֿון דער ווינטער־ערד די קעלטן,
און מאַכן רייזעס צו די ווייטע וועלטן.

זיי וועלן אונדזער יוגנט נישט באַזיגן!
דו הער זיך איין אין וווּנדערלעכן ניגון,
וואָס שלאָגט אַרויס פֿון אַלע שילער־קלאַסן —
דאָס ליד, וואָס לערנט בלויז דאָס שלעכטס צו האַסן.

די יוגנט ווייסט דעם לעבן צו געטרויען
און פֿאַר דער צוקונפֿט נייע שטעט צו בויען.
זי וועט אין אונדזער לאַנד נאָך איבערפֿלאַנצן
די דרום־פֿרוכט וואָס דאַרף די זון אינגאַנצן.

די שונאים וועלן אונדזער פֿרייד נישט רויבן —
אַ פֿרישער נאָכוווקס האָט זיך אויפֿגעהויבן.
און אַלץ, וואָס האָט אַ טבע זיך באַוועגן
האָט פֿיינט דעם טויט און שטעלט זיך אים אַנטקעגן.

# איך האָב נישט אויסגעקליבן...

איך האָב נישט אויסגעקליבן דעם יאָרהונדערט
פון בלוט און קאַמף, און דאָך איז ער מיר טייער,
און פאַר זיין יעדן ניי־יאָר כ'בלייב פאַרוווּנדערט
און גרייט צו גיין פאַר אים אויפסניי אין פייער

איך ווייס נישט, צי פון דאַנען וועט מיין לעבן
דערגרייכן קאָנען צו אַ דור אַ ווייטן,
און דאָך וואָלט איך מיין צייט נישט אָפּגעגעבן
פאַר אַלע נעפּלען פון די אייביקייטן.

און ווען מען וואָלט געגעבן אויסצוקלייבן —
קאָן זיין, איך וואָלט דאָס אייגענע געבעטן:
מיין לעבן זאָל אין ד ע ם יאָרהונדערט בלייבן,
און אויף דער ערד — דער שענסטער פון פּלאַנעטן.

קאָן זיין אַפילו, כ'וואָלט געזאָגט גענויער:
איך וויל מיין היים זאָל ווידער זיך געפינען
ביים טייך, וואָס גיסט די לידער אָן מיט טרויער,
די גראָזן — מיט אַ יום־טובדיקן גרינען.

כ'וואָלט נישט דאָס אָרט און נישט די צייט געביטן,
נאָר ווידער מיט פאַרליבטקייט אָנגעוויזן:
דאָס אָרט — וווּ כ'האָב געקעמפט, וווּ כ'האָב געליטן,
די צייט — ווען ס'ווערט געבויט דער סאָציאַליזם.

## צו קאָרייע

שוין דריי חדשים לויפט אויף מיינע שויבן
דער עכאָ פון אַ ווייטער באָמבאַרדירונג.
די קלינגערייַ פּרוווט יעדע פרייד פאַרטױבן
און מיך מיט אומגליק ברענגען אין באַרירונג.

נישטאָ פאַר מיר אין ערגעץ קיין אַנטרינען,
נישטאָ קיין ווינקל וווּ זיך צו באַהאַלטן.
אויף מיינע פענצטער ברענען די גאַרדינען,
מיין רו צעפּאַלט אין גרויליקע געוואַלטן.

דער רויך דערשטיקט די וויינענדיקע קינדער.
און מיטאָמאָל — איך הייב אָן צו דערקענען
דאָס פייער פון דעם זעלבן אונטערצינדער,
וואָס האָט מיין פאָלק געפירט שוין צום פאַרברענען.

דאָס איז דאָס זעלבע פייער פון אָשוויענטשים,
דאָס איז דער רויך פון זיינע קרעמאַטאָריעס;
דער זעלבער מערדער האָט אַמאָל געברענט שוין
מיין פאָלק — מיט היטלעריסטישער אַכזריות.

מיין האַרץ הייבט ווידער אָן זיך צו דערמאָנען
די שווידער־שפּראַך פון נישט געניטע ציפער:
די זעקס פאַרשניטענע, פאַרלוירענע מיליאָנען —
און ווידער עפנט זיך מיין ווונד די טיפע.

און ווידער שטיי איך אין דער שיין פון פלאַמען
און הער מיין שטים אין ווייטע אויסגעשרייען:
— דאָס גאַנצע בלוט מיינס איז מיט אייך צוזאַמען,
אַ, ברידער פון געליטענעם קאַרייע!

נאָר קומען וועט די שטראָף — זי איז געקומען
נישט איינמאָל שוין, געפירט דורך קים איר סענען.
און כאָטש דאָס פייער האָט די שטעט פאַרנומען —
די פרייהייט וועט מען קיינמאָל נישט פאַרברענען!

# פון הינטער דעם רויך אין קאַרייע

פון הינטער דעם רויך אין קאַרייע האָב איך זיי דערקענט —
די זעלבע ,וואָס האָבן אין פוילן געראויבט און פאַרברענט;

די זעלבע, וואָס האָבן מיין היימשטאָט פאַרוויסט און צעשטערט —
זיי ברענגען דעם חורבן אַצינד אויף קאַרעישער ערד.

די זעלביקע מערדער — אין בלוט און פאַרברעכן פאַרוואַנדט,
אויף מאָרדן — עס טיילט זיי נישט אָפּ, נישט קיין גלויבן, קיין לאַנד.

געדענקסט, ווי זיי זענען אין געטאָ געקומען ביינאַכט? —
פאַרברענען אַ שטאָט איז ביי זיי אַ געוווינטע שלאַכט.

געדענקסט, ווי זיי האָבן דערהרגעט דאָס קינד אין דער וויג? —
דערשאָסענע קינדער זיי ציילן אַריין אין דעם זיג.

געדענקסט, ווי זיי האָבן געריסן די גאָלדענע ציין? —
אויף גאָלד ווערט אויך איצטער פאַרביטן דאָס טויטע געביין.

ווי דעמלט, זיי טרייבן איצט אונדזערע מאַמעס אויף טויט,
ווי דעמלט, זיי לעכערן אונדזערע הימלען מיט שרויט.

זיי פירן אונדז ווידער צום גרוב מיט געבונדענע הענט —
פון הינטער דעם רויך אין קאַרייע האָב איך זיי דערקענט.

## באַשיץ דיין פרוי און קינד

באַשיץ דיין פרוי און קינד
באַשיץ זיי פון דעם טויט —
זיי גייען פון סעול
און געל איז זייער הויט.

אין שמאַטעס איינגעהילט —
דו האָסט זיי נישט דערקענט? —
די שטאָט איז אָפּגעמעקט,
און זייער היים — פאַרברענט.

דו מיינסט אַז דאָס איז ווייט?
קאַרייע איז נישט ווייט! —
דער ווינט טראָגט איבער שנעל
דעם רויך פון יענער זייט.

דאָס פייער שפרייט זיך אויס
און פאַרבט דיין הימל רויט —
באַשיץ דיין פרוי און קינד,
באַשיץ זיי פון דעם טויט.

פאַרשטעל זיי מיט דיין גוף,
פאַרטיידיק זיי פון מאָרד —
אין יעדן איינעם לאַנד,
אין יעדן ווייטסטן אָרט.

קיין אומגליק איז נישט פרעמד —
נישטאָ קיין פרעמדע שטאָט —
זיי ווערן אומעטום
פון זעלבן פיינט באַדראָט

און שטרעקן אויס די הענט
נאָך לעבן און נאָך ברויט. —
באַשיץ דיין פרוי און קינד,
באַשיץ זיי פון דעם טויט.

# ער

אַזויפֿיל רחבות און אַזוי פֿיל אָרט,
נאָר ער באַדאַרף נאָך אויף דער ערד דעם מאָרד.

אין יעדער שטוב דאַרף אָרט זיין אויף אַ וויג,
נאָר ער באַדאַרף נאָך אויף דער ערד דעם קריג.

מיט טויזנט וועגן גייט דער מענטש צום גליק,
נאָר ער רייסט פֿון דער ערד אַ שטיק נאָך שטיק.

פֿאַרוואָס איז האַרט אים אין זיין אייגן בעט?
פֿאַרוואָס איז ווייניק אים די פּראָסטע זעט?

עס וואַרפֿן אים די ציין פֿון שרעק און קעלט,
און דאָך — ער קריכט ביינאַכט אין פֿרעמדן פֿעלד.

ער קויפֿט אָפּ ביי די פֿעלקער אַלע קנעכט,
און שיקט זיי צינדן דערפֿער אין די נעכט.

דער קרבן דאַרף אַליין אים טראָגן רויב,
און בייגן זיך, און זינגען אים אַ לויב.

גענוג! פֿאַר יעדן איינעם וואַקסט דאָס ברויט,
און יעדנס בלוט איז טייער און איז רויט.

און ווי דאָס בלוט — פֿאַרייניקט זיי די פֿאָן,
וואָס זאָגט דעם אונטערגאַנג פֿון רשעות אָן!

# שנאה

נישטאָ מער קיין רו אין דעם הײַנטיקן דור,
דער שונא האָט אונדזער מנוחה צעשטערט.
זײַן טאַנק איז אַוועק צום פֿאַרוואָרפֿענעם דאָרף,
צעוואָרפֿן די שטיבלעך, פֿאַרוווּנדעט די ערד.

מיר זענען געוווינט שוין צו בויען אין גאַנג,
אַזוי ווי דער זעלנער — פֿון שלאַכט ביז צו שלאַכט,
דער ריטעם פֿון קאַמף איז אין אונדזער געזאַנג,
דער אומרו פֿון וואַך־זײַן — אין אָפּרו בײַנאַכט.

נישטאָ מער קיין רו אין דעם הײַנטיקן דור,
דער פֿײַנט האָט פֿאַרטונקלט דאָס לויטער געמיט,
ער נערט אונדזער שנאה צו זיך אויף דער וואָר,
ער נערט אונדזער שנאה צו זיך — אינעם ליד.

טאָ זאָל־זשע די שנאה אונדז פֿירן אין קאַמף
דעם שונא אַנטקעגן — אַנטקעגן דעם טויט!
די שנאה צום שונא, די שנאה וואָס שטאַמט
פֿון ליבשאַפֿט צום מענטש, צו זײַן פּאַן וואָס איז רויט.

פֿאַרשווונדן מיט אים פֿון דער ערד זאָל דער קרעכץ —
און שטיל, ווי עס שווימט אינעם רוים דער פּלאַנעט,
זאָל לויפֿן דאָס לעבן אָן האַס און אָן שלעכטס,
אין פֿרידלעכע דערפֿער, אין רויקע שטעט.

## זיי וואַך

דו מיינסט, אַז נאָך דער בלוטיקער מהומה
איז צייט אויף רו, און אַז אויף שטענדיק
איז שוין די גוטע שטילקייט אָנגעקומען —
נאָר ניין, די שלאַכט איז אַלץ נאָך נישט פאַרענדיקט!

דער שונא איז געבליבן נאָך, ער לויערט
אַ שפּרונג צו טאָן אויף אונדז אַן אומגעריכטער.
און אומצוואַרפן יעדע נייע מויער,
וואָס וואַקסט אין אונדזער היים דער אויפגעריכטער.

די פינגער, פון פאַרברעכנס אויסגעקרימטע,
ער פּלאָנטערט גיריק איין, כדי צו שטערן,
און ווי פאַראַט אַן אומגעריכטער קומט ער
אויף אויסשפּיאָנירן און אויף אונטערהערן.

אים האָבן די אַרמייען נישט פאַרטריבן:
די מאַסקע פון פאַרדאָרבנקייט און ליגן
האָט אים געשיצט — ער איז געבליבן —
אים קאָן מען נאָר מיט וואַכזאַמקייט באַזיגן!

זיי וואַך! ער לעבט כדי דיך צו דערמאָרדן,
דיין נייע היים ער גרייט זיך אונטערצינדן,
דאָס פייער האַלט ער אין זיין האַס פאַרבאָרגן —
זיי וואַך! ער דאַרף פון אונדזער ערד פאַרשווינדן.

## דער יוגנט

דער יוגנט איך געהער מיט אַלע פֿריידן,
און אויך מיט גרויע האָר — כ׳וועל איר געהערן.
מיט איר געזונטקייט וועט קאָן מיך צעשיידן
און איר געלעכטער — ווער קאָן מיר פֿאַרווערן?

ווי גוט איז גיין מיט איר אין פֿעסטע רייען
און טראָגן אין די הענט די רויטע פֿלאַמען.
מיט לידער און מיט לאָזונג־אויסגעשרייען
פֿאַרנעמען אַלע שטעט מיט איר צוזאַמען!

מיט איר כ׳וועל קומען אומעטום דער ערשטער
און פֿאַר דעם גאַנצן לאַנד וועל איך באַווייזן
באַהערשן אַלע שטחים נישט באַהערשטע —
מיט סאָציאַליזם: מיט ליבשאַפֿט און מיט אייזן.

אין אירע מאַרשן הענגט זי אוים די בריקן
און בויט אוים צו דער ווייטקייט נייע טראַסן.
דורך שווער־יקייטן זאָגט זי אָן די גליקן
אין אַלע פֿענצטער פֿון די פֿרישע גאַסן.

כ׳וועל לעבן טויזנט יאָר וועט אויך זיין ווייניק
מיין נייגיר צו דער ערד זאָל זיין געזעטיקט.
דערפֿאַר האָב איך מיט יוגנט זיך פֿאַראייניקט,
אַז איך זאָל אויף דער וועלט נישט זיין פֿאַרשפּעטיקט.

# כ׳בין נישט געווױנט

כ׳בין נישט געװױנט צו לעבן פונעם גרייטן,
און לײכט איז מיר קיין זאַך נישט אָנגעקומען —
פֿאַר יעדער פרייד געמוזט האָט פריער װײ־טאָן,
מיט קאַמף האָב איך דאָס לעבן אײנגענומען.

נאָך מיר געלאָפֿן זענען מיט געוואַלטן
אַן עדה שאָטנס פון די טויטע דורות.
זיי האָבן דוקא מיך געוואָלט פאַרהאַלטן
און מאַכן מיך פֿאַר זייער ווײסטן יורש.

עס האָט מיך נאָכגעיאָגט אַן אַלטער פאַכטער —
מיין זיידע מיטן הויקער אויף דער פּלײצע,
וואָס האָט אַמאָל געזונגען פאַר דער שליאַכטע,
מיט זיין דערשלאָגנקייט און שרעק געפרייט זי.

און באַלד נאָך אים געאײלט האָט זיך דער צווייטער —
דער שבת־פּרינץ און וואָכעדיקער קרעמער.
די צרות צו באַרעכטיקן אַ גרייטער
מיט וואָיענדיקן ניגון פון זיין זמר.

דאָס האָבן זיי אין בלוט אַרײנגעיאָמערט,
דאָס האָבן זיי געצייכנט מיין העוויה —
דער גוף זאָל זיין אַ צוים פאַר מיין נשמה
און בלויז דער טויט זאָל קאָנען זי באַפרייען.

דאָס אַלץ האָב איך פון זיך אַרויסגעריסן
און ליב געווען זענען מיר די ווונדן.
געבלוטיקט האָבן זיי, נאָר כ׳האָב פאַרביסן
מיין לעבן מיט דעם נייעם דור פאַרבונדן.

פון לייב און ליד האָב איך אַרויסגעטריבן
דעם תפילהדיקן אומעט פון די זיידעס.
פון זייער שפּראַך איז מיר נישט מער געבליבן,
נאָר דאָס, וואָס אויף יעטוועדן לשון פרייד איז.

כ׳בין נישט געוווינט צו לעבן פונעם גרייטן
און לייכט איז מיר קיין זאַך נישט אָנגעקומען —
פאַר יעדער פרייד געמוזט האָט פריער ווײ־טאָן,
מיט קאַמף האָב איך דאָס לעבן איינגענומען.

# דאָס ליד, וואָס כ'האָב נאָך אַלץ נישט אָנגעשריבן

ס'איז עפּעס וואָס ביי מיר אין קעל געבליבן —
דאָס ליד, וואָס כ'האָב נאָך אַלץ נישט אָנגעשריבן.

אַ לעבן לאַנג האָב איך צו דעם געגרייט זיך:
מיט יעדן ניי־אַנטדעקטן וואָרט געפרייט זיך,
אַזוי געשטעלט מיין שפּראַך און אָנגעגליט זי,
אַז ברענען זאָל, ווי שטרוי, דאָרט די מליצה;
אַז יעדער אויסדרוק זאָל דעם גלייכגילט רירן
און קיינמאָל מיד נישט ווערן אַטאַקירן
דאָס בלוט אין האַרץ — מיט ליבשאַפט און מיט צאָרן,
מיט טרער און פרייד — דאָס אויג און דעם זכרון.

אַמאָל פלעגט טרעפן, אַז אַ קורצע שורה
כ'האָב אויפגענומען ווי אַ ווייטע בשורה,
אַז כ'הייב אָן צו דער ליכטיקייט דערגרייכן,
אַז איך געפין פאַר יעדן ווונטש דעם צייכן,
אַז כ'האָב פאַר יעדער שפּירונג שוין אַ נאָמען,
אַז איך פאַרשטיי די מענטשלעכע נשמה.
נאָר מיטאַמאָל האָט ס'ליכט זיך אויסגעלאָשן
און כ'בין געבליבן מיט אַן אָרעם לשון
און מיט די טויטע, נעכטיקע דערפאַלגן —
מיט יענע רייד, וואָס ווילן היינט נישט פאָלגן.

און איצט דערשפּיר איך ווידער יענעם שווידער,
וואָס פירט פון בלוט אין ליד אַפּ אַלע סודות.
דאָס וואָרט הייבט אָן מיט פלאַמיקייט צו שוועבן,
די טויטע שפּראַך שטייט ווידער אויף צום לעבן,
און ווידער גרייט צום האַסן און צום ליבן —
דאָס ליד, וואָס כ'האָב נאָך אַלץ נישט אָנגעשריבן.

# דיין רויטע פאָן, פּאַרטיי

דעם אָנדענק פון דוד ריכטער
און שלמה (משה) לשווין

און אַנדערש ווערט דיין רויטע פאָן געפּייערט
אַ פרייע אין דעם לאַנד געציילטע יאָרן. —
צוזאַמען מיט דער קינדהייט איז זי טייער
און מיט דער יוגנט — היט זי מיין זכרון.

אויף אָט דער ערד, דער היימישער, אין פּוילן —
דיין פאָן האָט ווידערשפעניק אויפגעפאָכעט.
און דעמלט שוין האָט זי מיין בלוט באַפוילן
דאָס ערשטע ליד צו זינגען דיין נצחון.

איך האָב דאָרט אין דעם פרילינג־צוג געטראָטן,
אַן אומלעגאַלע האָט דיין פאָן געפלאַטערט.
זי איז דאָרט, ווי מיין פרייד, געווען פאַרבאָטן
און ווי מיין אויסגעשריי — געווען פאַרקראַטעט.

פאַרוויס איז נישט געגאַנגען קיין אָרקעסטער,
נאָר ווען עס האָט דער טראַנספּאַרענט אַנטבלויזט זיך,
האָט מיטאַמאָל דיין ליד דאָס סאַמע בעסטע
פאַרוואַנדלט הענט אין דראָענדיקע פויסטן.

ווער האָט פון זיי באַוויזן צו דערלאַנגען?
ווער האָט דערזען דיין רויטע פאָן — אַ פרייע?
זאָל זייער רום אַוועק מיט די געזאַנגען,
ווי זייער אָנדענק — דורך מיין ליד געפּייערט.

# אויף יענער גאַס

און מיטאַמאָל צעלויפן זיך די יאָרן,
ווי כ׳וואָלט זיי אויפן האַרבן ווינט צעשאָטן,
און אין אַ ליכט־קרייז בלייבט אין מיין זכרון —
די גאַס, וווּ ס׳איז מיין טראָט געווען פאַרבאָטן.

ווי לייכט פלעגט איבער יענער גאַס זיך שפּאַנען,
כאָטש שטענדיק האָט מען הינטער מיר געלויערט.
איך האָב געוווּסט, אַז ס׳איז מיין שוץ פאַראַנען
אין יעדער שטוב, אין יעדער איינער מויער.

די טירן פלעגט מען זעלטן ווען פאַרשליסן —
די אָרעמקייט איז צוטרוילעך און אָפן —
און אומעטום מען פלעגט אַזוי מיך גריסן,
ווי כ׳וואָלט צו מיינע נאָענטע געטראָפן.

די ערשטע שוועל, ווי נאָר כ׳בין אַריבער,
האָט מיך פון די געפאַרן אָפּגעשניטן.
דאָרט האָבן די געטריישאַפט און די ליבע
פון פאַלשקייט און פאַראַט מיך אויסגעהיטן.

דער שפּיצעל איז אין ווינקל גאַס געבליבן
און מער שוין נישט געוואַגט מיך צו דערלאַנגען.
די ליבשאַפט האָט פון לעבן אים פאַרטריבן
און ער איז אין זיין שאָטן איינגעגאַנגען.

און דעמלט האָט זיך הויז מיט הויז פאַרבונדן. —
אויף יענער גאַס איז שרעקלעך העל געוואָרן,
ווען אויפן הימל האָט זיך אָנגעצונדן
די שיינע פאָן פון ליבשאַפט און פון צאָרן.

## דיין קול

דו שטייסט אַצינד אין בינע־ליכט דעם בלייכן
און אין דעם פולן זאַל קלינגט העל דיין קול.
איך הער זיך איין: אַט הייבט מיך אָן דערגרייכן
דער עכאָ פון פאַרגאַנגענעם אַמאָל.

דו שטייסט אַצינד אין ליכט פון רעפלעקטאָרן,
דיין פּנים שיינט ארוים פון דאָרטן בלאַס.
און איך דערמאָן זיך ווידער יענע יאָרן,
ווען אויפגעטראָטן ביסטו פאַר דער גאַס.

ווען דיין טריבונע איז געווען אַן אַקסל,
וואָס האָט דיך אויפגעהויבן אומגעריכט
און איבער קעפּ איז פּלוצים אויסגעוואַקסן
באַלויכטן פון דעם צאָרן — דיין געזיכט.

ווען פּאָליציי האָט זיך אריינגעריסן,
האָסט דו מיט דעם המון זיך אויסגעמישט,
נאָר אונטער הימלען האָט נאָך אַלץ פאַרביסן
אין לאַזונגען — דיין שטים געקלונגען פריש.

דאָס האָט מען נישט מיט קראַטן אויסגעשטראָכן,
דאָס האָט מען נישט מיט טורמע־ווענט פאַרשטעלט —
אין ערשטן רוף געווען איז דיין נצחון,
דיין ערשטער רוף — די וועלט האָט אויפגעהעלט.

דאָס האָט קיין צענזאָר נישט געקאָנט פאַרווערן,
דאָס האָט מען נישט דערשטיקט מיט קיין פאַרבאָט —
ווען ס'האָט א גאַס דיך אויפגעהערט צו הערן,
האָט אָנגעהויבן הערן דיך א שטאָט...

איצט זע איך, ווי דו שטייסט אויף דער טריבונע,
און ס'שטייען אויף די מענטשן אין דעם זאַל.
מיט זיי האָסט דו די ערשטע שלאַכט געוווּנען,
דו זינגסט מיט זיי דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

# די לעצטע קעמפער האָט מען נישט צעשאָסן...

די לעצטע קעמפער האָט מען נישט צעשאָסן
ביי דער פאַריזער קאָמונאַרן־וואַנט —
דורך אַכציק יאָר ווערט זייער בלוט פאַרגאָסן,
און אומעטום זיי דויערן אין קאַמף.

מען האָט געמאָרדעט זיי אין אַלע לענדער,
מען האָט זיי צוגעמאָסטן יעדן טויט,
נאָר נישט באַוויזן האָט מען זיי פאַרלענדן
מיט תליה־שטריק און עקזעקוציע־שרויט.

אין ערגעץ נישט פחדנותדיק אַנטלאָפן,
נאָר מוטיק דורכגעריסן די געפאַר,
מיט דרייסטקייט אויפגעלייזט די אַלע שטראָפן
פון טיער דעם הענקער ביז דעם תליון — צאַר.

זיי האָבן אויסגעטאָן זיך פון די קייטן,
ארויסגעגאַנגען פון די תליה־שטריק.
נאָך יעדן מאָרד געמומען זיך פאַרשפרייטן
לויט דעם געזעץ פון לעבן און פון גליק.

מיט פעסטע הענט ארומגעכאַפּט די ברעגן
זיי האָבן פון דער ברענענדיקער ערד,
גענומען טראָגן זי דער זון אַנטקעגן
מיט גרויסע אותיות: פ. ס. ס. ר.

איצט פירט מען זיי צום שיסן אין קארייע,
איצט שטעלט מען צו דער וואנט זיי אין וויעטנאם,
נאר אומעטום, אויך מיט די טויט־געשרייען,
זיי בלייבן טריי דעם קאמונארן־שטאם.

זיי שטארבן אין דער זיכערער אמונה,
אז זייער ווילן האט מען נישט צעשטערט, —
אז זיגן וועט די פאן פון דער קאמונע
אויף אלע טיילן פון דער גארער ערד!

מערץ 1951

# דאָס שענסטע ליד

הערש סמאָליאַרן

און טאַקע איצטער האָט זיך מיר פאַרגלוסט
דערמאָנען איינע פון די אַלטע פריידן,
ווען איך האָב אין באַהעלטעניש געמוזט
אַן אויפרוף צום אָקטאָבער־יום־טוב גרייטן.

מיין בלוט האָט ווי די אומלעגאַלע פאָן
געדאַרפט זיין צום אָקטאָבער־צוג באַהאַלטן.
יעטוועדע לאָמפּ אין גאַס איז ווי אַ שפּיאָן
געשטאַנען גרייט בכדי מיך צו פאַרהאַלטן.

מיין שטים האָט נישט געפונען זיך קיין אָרט
און בלויז אַ בוידעם־שטוב איז פריי געבליבן
צום אָפּקלאַנג פון מיין העל אַנטפּלעקטן וואָרט —
און דאָרט האָב איך דעם אויפרוף אָנגעשריבן.

דאָרט האָבן אין דער טונקלקייט געגליט
די אותיות ווי פליענדיקע פונקען. —
אַט יענער אויפרוף איז דאָס שענסטע ליד,
וואָס איך האָב אין מיין לעבן אויסגעזונגען.

# חברים מיינע פון דער ק. פּ. פּ.!

1

באַלויכטענע פון אייביקן פאַרדאַכט
און פון דעם שפּיצעלס טאַשנלעמפּל־שיין —
דערזע איך אייך, געקומען פון דער נאַכט
און שפּאַנענדיק אין אייביקייט אַריין.

איר שטייגט פון דער פאַרגאַנגענהייט אַרויס
מיט שטאָלץ און מיט באַשיידנקייט געקרוינט.
אין טורמעס גייענדיק — גייט איר פאַרויס
און אייער חלום איז אויך אייער לוין.

חברים מיינע פון דער ק. פּ. פּ.,
פאַרנעמט אויף אונדזער פרייד דעם אויבנאַן!
איך קוק צוריק אויף אייך און איך דערזע,
ווי איר טראָגט דורך צו אונדז די רויטע פאָן!

איר טראָגט זי דורך די תפיסות און פאַראַט,
איר טראָגט זי דורך מיט בלוט און מיט געזאַנג,
איר טראָגט זי דורך מיט לאָזונג און פּלאַקאַט —
די פאָן, וואָס האָט צו אייניקייט דערלאַנגט!

פון פענצטער־קראַטן שלאָגט צו אונדז די שיין,
וואָס האָט פון אייער הונגער אויסגעשטראַלט,
און פון די אויסגעשרייען אין דער פּיין —
דאָס שענסטע ליד: דער „אינטערנאַציאָנאַל"!

חברים מײַנע פֿון דער גרויסער צײַט!
די יאָרן, װאָס מען האָט בײַ אײַך געראַבעוועט —
זײ לײַכטן אויף צוריק פֿון װוּנדער־װײַט
פֿאַר די, װאָס זענען אין דער זון פֿאַרגלייבט!

2

חברים מײַנע פֿון די שװערע יאָרן —
חברים מײַנע אין די גרויסע פֿרײדן!
צונויפֿגעבונדן זענען מיר געװאָרן
אַזױ, אַז קײן זאַך װעט אונדז נישט צעשײדן.

אַמאָל, װען ס'האָט די פּאָליציי געלויערט
און אײנציקװײַז געשלעפּט אויף די פֿאַרהערן,
מיר האָבן מיט עקשנות אויסגעדויערט,
מיט אונדזער טרײַשאַפֿט פֿלעגן מיר זיך װערן.

אין גאַסן זענען שפּיצלעס נאָכגעקראָכן
און שפּיאָנען פֿלעגן אונדזער שלאָף באַװאַכן.
זײ האָבן זיך אין אונדז אַרײַנגעבראָכן,
געפּרוּװט אונדז אין דער אײנזאַמקײט פֿאַרמאַכן.

נאָר הינטער טורמע־װענט און לאַגער־דראָטן
האָט אויכעט קײנער נישט פֿאַרגעסן קײנעם —
אין יעדער שעה פֿון לעבן דעם באַדראָטן
מיר האָבן תּמיד זיך געפֿילט אינײנעם.

מיר האָבן די געפֿאַרן אויסגעמיטן,
מיר זענען דורך אויך די מלחמה־פֿלאַמען.
צוזאַמען האָבן מיר אַלץ דורכגעליטן
און איצטער האָבן מיר געזיגט — צוזאַמען!

און פריידיק איז אונדז ווידער איצט צו שפאַנען
אין אַט דער שטאָט פון יוגנט און נסיון.
חברים, זעט, מיר זענען דאָ פאַראַנען
צוזאַמען אין דער פרייהייט און אין בויען!

ווי אַלטע קאָמוניסטן — אייביק יונגע,
מיר בלייבן יונג אויך אין דער צייט דער נייער.
טאָ לאָמיר איצטער אויף דער בוזונג זינגען
דאָס שיינע ליד, וואָס איז אַדורך דעם פייער!

# נאָוועמבער־ווינטן

דעם פֿרייען אָטעם פֿון נאָוועמבער־ווינטן
פֿאַרשטייט בלויז דער, וואָס האָט געלעבט אין וואַרשע
און איז, נאָך יאָרן חורבן און פֿאַרשווינדן,
צוריקגעקומען מיט אַ וווּנד אין האַרצן.

ער דאַרף שוין מער די גאַסן נישט דערקענען,
נישט זוכן מער דעם נומער פֿון זיין טויער.
זיין שטאָט, וואָס עמיץ האָט געפּרוּווט פֿאַרברענען,
שטייט ווידער גאַנץ, געדעקט מיט וואָלקנס גרויע.

די וואָלקנס ווערן פֿונעם האַרבסט געטריבן
אין יענער ריכטונג שוין מכּמה יאָרן. —
אויב ס'איז כאָטש דער נאָוועמבער־ווינט געבליבן,
איז נאָך נישט אַלץ פֿאַרמעקט פֿון דעם זכּרון.

די פֿאָן, וואָס פֿלאַטערט פֿריי אויף דער געביידע —
די רויטע פֿאָן וועט גערן זיך דערמאָנען
דעם יום־טוב־צוג אין וואָכעדיקע קליידער,
די מילע־גאַס — אין יום־טובֿדיקע פֿאָנען.

דער ריטעם פֿון דעם פֿייערלעכן הימען
געדענקט דעם אימפּעט פֿון די הייסע שלאַכטן,
ווען וואַליע האָט מיט הייזעריקע שטימען
געזונגען אים אין האַרבסטיקע פֿאַרנאַכטן.

דאָס אַלץ לעבט נאָך אין די נאָוועמבער־ווינטן
פֿאַר דעם, וואָס ווייסט אין זיי זיך איינצוהערן —
פֿאַר דעם, וואָס זיין פֿאַרגאַנגענהייט פֿאַרבינדט אים
מיט אַלץ וואָס ווערט, מיט אַלץ וואָס וועט נאָך ווערן.

## אויפֿן פּלאַץ באַנקאָווי

אַזוי זע איך זיין ווידער זיך באַווייזן,
אַזוי זע איך זיין אָנקום אין דער שטאָט:
פֿאַרביי די חורבות און די נייע הייזער
ער גייט צום צענטער מיט זיין יונגן טראָט.

ווי וווּנדערלעך — ער קען די אַלע ערטער
וואָס זענען נאָך דעם פֿייער שוין פֿאַרבויט.
אים פֿירט זיין ליבשאַפֿט, די נאָכנישט צעשטערטע
פֿון יאָרן תּפֿיסה און פֿון יאָרן טויט.

ער איז אַרויס אין אַרעסטאַנטן־רעקל,
ער איז אַרויס פֿון צענטן פּאַוויליאָן,
און אַלע גאַסן נעמען זיך באַדעקן
מיט די באַגלייטער זיינע — אַ מיליאָן.

זיי קומען אָן פֿון וואָליע און מוראַנאָוו,
עס וויגט זיך אונטער זיי די פּראַגער בריק,
און איבער זיי איז ווידער איצט פֿאַראַנען
די רויטע פֿאָן פֿון קעמפֿנדיקן גליק.

זי האָט אַמאָל די זעלביקע המונים
געפֿירט אין דעמאָנסטראַציעס אויף דעם פּלאַץ;
דאָ האָבן אין געראַנגל מיטן שונא
די ערשטע רינגען פֿון רעזשים געפּלאַצט.

נאָר איצט, אין גלאַנץ פֿון אַספֿאַלט און פֿון צעמענט
זיי בלייבן שטיין אין ערפֿורכט, אָן אַ וואָרט,
און וואַרטן, אַז דזשערזשינסקי זאָל פֿאַרנעמען
אין וואַרשעס האַרץ דאָס צוגעגרייטע אָרט.

21 יולי, 1951 יאָר.

## אוי, די ווינטן

אוי, די ווינטן און די שנייען —
שווער פון זיי זיך אויסצודרייען!

נישט דער רויש פון ווייץ און קאָרן
גייט פון מיינע קינדער־יאָרן;

נישט קיין ווינטל איבער גראָזן
קומט פון דאָרט אהער צו בלאָזן —

בלויז די וואָיִענדיקע ווינטן
יאָגן נאָך דעם שניי פון הינטן,

לויפן אָן אין לעבן ווידער,
ווי דער ניגון אין די לידער,

און צום הארצן זיי פארגייען —
אוי, די ווינטן און די שנייען!

איינמאָל — כ׳בין געווען א יינגל —
האָבן זיי ארומגערינגלט

און פארכאַפּט ביי מיר דעם אָטעם
און שוין מער נישט אָפּגעטראָטן

און שוין מער נישט אָפּגעלאָזן:
ס׳הערט דער ווינט נישט אויף צו בלאָזן,

און דאָס ליכט פון שניי דעם קלאָרן
שיינט ארויס פון קינדער־יאָרן. — — —

אוי, די ווינטן און די שנייען —
שווער פון זיי זיך אויסצודרייען!

# ערשטער שניי

ווער ווייסט דען נישט ווי ס'הייבט זיך אָן דער ווינטער,
און ווי דער שניי פאַרגנבעט זיך אין רעגן?
דער ערשטער שניי — די פרייד פון אַלע קינדער —
שיינט אַלץ נאָך ווייס אויף אַלע מיינע וועגן.
דורך וויפל יאָרן האָב איך אים געטראָטן?
נאָר ווי מיין קינדהייט וואָלט זיך נישט געענדיקט —
דער ערשטער שניי, וואָס האָט אַמאָל געשאָטן
ליגט אין זיין פרישקייט אָפּגעהיט און בלענדיק.

די ווינטער־מעשיות זענען אַלע שיינע:
זיי נוצן אויס דעם שניי אויף צו פאַרהוילן,
אַז ס'פלעגט אַמאָל פון קעלט א ייִנגל וויינען
און שעלטן אַלע ווינטער־טעג אין פוילן.
די פאַרע פלעגט פון זיין געוויין זיך שוימען
און מאָלן טויטע בלומען אויף די שויבן.
און צוגעהאָלפן האָט דער ווינט פון קוימען,
וואָס האָט אריינגעקלאַפּט אין אַלטן אויוון.

און מער פון אַלץ האָט דעמלט מיך פאַרדראָסן:
וואָס איז דער ווינטער מיט זיין ווייסקייט אויסן?
צי האָט ער מיך דאָ אין דער שטוב פאַרשלאָסן,
ווייל ס'איז דער שניי א יום־טוב פאַרן דרויסן? —
האָב איך די טויטע בלומען אויפגעטייעט
און זיי צוריק אין וואַרעמקייט פאַרביטן,
און — ס'איז אין שנייען, וויכערדיק־צעפייערט,
אַדורכגעפלויגן קלינגענדיק א שליטן.

— — — — — — — — — — — — — — —

פאַרגאַנגען? — יאָ, דאָס איז שוין אַלץ פאַרגאַנגען.
דער ווינט, וואָס האָט אַמאָל ביי אונדז געוואָיעט
איז אויף דער פרייער ערד אַרויסגעגאַנגען
און קלאָגט אויף יענער זייט פון געטאָ-טויער.
נאָר ווייל דער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן
און כ'האָב מיין קינדהייט קיינמאָל נישט געענדיקט —
שטיי איך איצט ווידער ביי פאַרשנייטע שויבן
און ס'ציט אין דרויסן מיך אַרויס, ווי שטענדיק...

## ביי א ליכטיקער שויב

האָדלצן

איך שטיי איצט מיט דיר ביי א ליכטיקער שויב:
דער ווינט יאָגט אינדרויסן דעם שנייקן שטויב.

דו ווייסט, אז דאָס יאָגט ער אזוי און פארשיט
די שפּורן פון מיינע פארגאנגענע טריט.

צופיל האָט געזען שוין מיין טונקעלער בליק —
עס שרעקט — און דאָך ציט מיך נאָך אָפט אויף צוריק.

וואָס ציט מיך אהין, און פון וואנען די שרעק? —
זאָל אלצדינג פארווישן דער שניי־ווייסער פלעק!

איך שטיי איצט מיט דיר ביי א ליכטיקער שויב —
זאָל יאָגן און שיטן דער שנייקער שטויב!

דאָס בלווילעכע ליכט נעמט ארום דיינע הענט —
אין דיר האָב איך ווידער מיין יוגנט דערקענט:

דיין בענקשאַפט צו ווייטקייט, דיין האסטיקע פרייד,
וואָס שפּילט אין דיין אויג האָט דאָס אלץ מיר באשיידט.

איך שטיי איצט מיט דיר — און דער עבר פארשווינדט,
און ווידערגעבוירן ווער איך ווי דער ווינט.

איך שטיי איצט מיט דיר ביי א ליכטיקער שויב —
זאָל שיטן, פארשיטן דער שנייקער שטויב!

30 יאַנואַר, 1951.

# אינצווייען

אזא זוניקער פראָסט
אַז עס פּלאַצט אויש דאָס גלאָז
און עס בלענדן די שנייען.
אַזאַ טאָג, אַזאַ שיין
קאָן אום ווינטער בלויז זיין
און מיר ביידע — אינצווייען.

זע, די ליכטיקע ערד
דרייט זיך איצטער פאַרקערט
ווען די שנייען זיך שיטן.
און פאַרבלענדט פון דער פרייד
לויפט דער ווינט אינדערברייט,
און מיר ביידע — אינמיטן.

אויך דער טאָג וועט אוועק
ווי א ליכטיקער פלעק —
אין דעם עבר פאַרלוירן? —
זאָל שוין בלייבן אין שניי
סיי די פרייד, סיי דער וויי,
און מיר ביידע — פאַרפרוירן. — — —

האָסט אזוי זיך צעלאַכט,
אַז דער פראָסט האָט געקראַכט
און צעטייעט די שנייען.
— אזא טאָג, אזא שיין
וועט נישט איינמאָל נאָך זיין,
און מיר ביידע — אינצווייען!

## פֿאַרוויס אין דער צייט

אַ טאָג און אַ נאַכט — און דער שניי האָט געשאָטן
די וועגן, די ווייטן פֿאַרשטעלט.
די שטאָט פֿון געשטיין און פֿאַרצווייגענע דראָטן
איז ווידער אַ טייל פֿון דער וועלט.

פֿאַרווישט זענען אַלע סימנים פֿון פֿייער,
וואָס זענען געבליבן אויף ווענט,
ווי ס'וואָלט שוין געשטאַנען אינגאַנצן אַ נייע
די שטאָט, וואָס איז דריי מאָל פֿאַרברענט.

איך ווייס — נישט איין ווינטער באַדאַרף נאָך אַריבער
דאָס אַלץ זאָל נישט זיין בלויז אין טרוים,
און דאָך ווילט זיך מיר נישט אַרויס פֿונעם פֿיבער —
פֿון ווינטער און שנייִקן שוים.

פֿאַר אונדז איז קיין נייס נישט אַזאַ מין נסיעה
פֿאַרוויס אין דער צייט און אין שיין:
צום סוף פֿונעם זעקסיאָר מיר קומען אָן פֿריער —
מיר וועלן דאָרט פֿריער נאָך זיין!

# אין ווינטער־פֿאַרנאַכט

אין ווינטער־פֿאַרנאַכט, ווען דער שניי ווערט שוין בלאָ,
קומט אָן אויף דער ערד אַזאַ רויִקע שעה,
ווען ס'שטעלט זיך דער ווינט אָפּ אינמיטן געלויף
און אַלע מרחקים זיך קומען צונויף.
אויף פֿענצטער פֿאַרציִען זיך בעלמעס פֿון פֿראָסט.
אויף טעלעגראַף־דראָטן — אויף שנורן פֿון ראָסט —
בלייבט הענגען אַ שוואַרצע, פֿאַרגעסענע קראָ —
אין ווינטער־פֿאַרנאַכט, ווען דער שניי ווערט שוין בלאָ.

אין ווינטער־פֿאַרנאַכט, ווען דער שניי ווערט שוין בלאָ
איז מער שוין קיין קרייצוועג אינערגעץ נישטאָ.
וווּהין זאָלסט נישט ווענדן זיך, וועסטו דערגיין
צום אָרט, וווּ די ליבשאַפֿט איז פֿורכטיק און ריין,
צום אָרט, וווּ די פֿרייד וואַרט נאָך אַלץ אומבאַריִרט —
צום אָרט, וווּ דער ווייטיק אין שטילקייט פֿאַרפֿרירט.
פֿאַרקילעכדיקט־גלאַטיק ווערט ווידער די ערד
און אַלערליי שטערונגען ווערן צעשטערט,
און וווּ זאָלסט נישט גיין — דו קומסט ווידער צוריק,
צום לאַנד פֿון דער קינדהייט, פֿון שניי און פֿון גליק. —
אין ווינטער־פֿאַרנאַכט, ווען דער שניי ווערט שוין בלאָ,
קומט אָן אויף דער ערד — אַזאַ רויִקע שעה.

# דאָס גלעקל, וואָס קלינגט אין זאַווײ

פון וואַנען איז ווידער געקומען דאָס גליק?
די צייט, די פאַרגאַנגענע לויפט אויף צוריק
פאַרפלאָנטערט, פאַרכישופט אין ליכטיקן שניי —
פון גלעקל, וואָס קלינגט אין זאַווײ.

צי איז אין דעם שולדיק דער ניגון פון ליד,
וואָס האָט איבער יאָרן אין פרישקייט פאַרהיט
די פרייד פון דער קינדהייט, פון יוגנט — דעם ווײ —
דאָס גלעקל, וואָס קלינגט אין זאַווײ?

אַ העלפט פון דעם לעבן האָט מיך דאָך געקאָסט,
אַז איך זאָל אַצינד, אין דעם בלענדיקן פראָסט,
דערהערן דעם עכאָ פון ווייטן געשריי
אין גלעקל, וואָס קלינגט אין זאַווײ. — — —

אין שטוב איז געפרוירן געוואָרן דאָס ברויט,
די פאָן אויפן גאַס בלויז איז היים און איז רויט — — —
ווי גוט, וואָס ס'דערמאָנט מיך איצט ווידער אין זיי
דאָס גלעקל, וואָס קלינגט אין זאַווײ!

מיין יוגנט איז אייביק אזוי ווי דער ווינט,
ווי ער — זי אַנטלויפט, קומט צוריק און פאַרשווינדט,
און ווייזט זיך אויפסניי אין דעם שווינדל-געדריי —
ביים גלעקל, וואָס קלינגט אין זאַווײ.

פון אַלץ וואָס געוועזן — בלויז זיי איך דערמאָן:
די יוגנט די הייסע, די בלוט-רויטע פאָן —
די גוטע באַגלייטערינס מיינע די צוויי,
ביים גלעקל, וואָס קלינגט אין זאַווײ.

## ערב פרילינג

ס׳האָט יעדער טאָג זיין אייגענעם געוויכט,
קיין איינער איז פון זיי צום צווייטן ענלעך,
און דאָך — פון אלע הייבט זיך אויף דאָס ליכט,
וואָס פלייצט, ווי ס׳לעבן, מעכטיק און אומענדלעך.

איצט טוישן זיך די צייטן אינעם יאָר —
באלד וועט די לעצטע־ווינטער־שעה אריבער.
דער שניי אויף פעלדער ליגט נאָך גאַנץ און קלאָר,
נאָר אין דעם נעפּל וואַרעמט שוין די ליבע.

די גרויקייט אויך איז נישט פון איין קאָליר —
אין ערב־פרילינג בייט זי זיך אין שעהן:
אַט קנוילט זי זיך אין טונקלקייט פארווירט,
און אַט צעשווימט זי אין א הימל בלאָען.

מיין טראָט דערשפּירט, ווי ס׳ריזלען אין דער ערד
און ס׳שווילן־אָן אין וואַרעמקייט די קוואַלן.
די ווינטער־זאָמען ווערן דאָרט צעשטערט
און פון דער גרינער פרוכטבארקייט באַפאַלן.

מיין אויג קוקט דורך יעטווערן שוואַרצן בוים,
ווו ס׳לויפט דער זאַפט פון וואָרצל צו די צווייגן.
אויף אַט דעם וועג — פון אונטערערד צום רוים —
וועט באַלד די דרייסטע בליונג נעמען שטייגן.

מיך נעמט ארום דער נעפּל פון דער ווייט —
די פרייע פייגל וועלן אים צעטראָגן.
די פרייד וואַקסט אומגעדולדיק אָן און שרייט:
דער ערשטער פרילינג־טייך זאָל נעמען שלאָגן!

# נצחון

דער שניי האָט אָנגעהויבן אָפּצורינען,
די טייכן ווערן ערשט פון אייז באַפרייט,
נאָר ס'הייבט שוין אָן דער פרילינג צו געווינען
אין זיין געראַנגל מיט דער ווינטער-צייט.

די טעג באַקומען בונטערע קאָלירן,
כאָטש ס'איז דער בלאָ נאָך אויסגעמישט מיט ראָז,
כאָטש אין דעם באָדן הייבט ערשט אָן צו רירן
דער בלייכער וואָרצל-גרין פון ערשטן גראָז.

די זון שטייגט אויף אַלץ ראַשיקער און העכער
און נעמט ביים שאָטן שטח אָפּ אַלץ מער;
זי האָט אין שטאָט פאַרנומען אַלע דעכער,
זי נעמט איין אַלע ווינקלען אויף דער ערד.

די לופט מיט צאַרטקייט דורכגעזאַפּט און ווייך איז,
ווי שוועבנדיקער פייגל-איבערפלי.
זי טראָגט מיט זיך די וווּנדערלעכע ריחות
פאַר אַלע בלומען פון דעם פרילינג-בלי.

דער רויש אין שטאָט ווערט זיכערער און העלער,
און בולט שיילט זיך אויס יעטוועדער קלאַנג.
מאַשינען און מאָטאָרן לויפן שנעלער,
און ס'ווערט די אַרבעט ענלעך צו געזאַנג.

די שווערע אַרבעט ווערט צוריק צו ברכה,
דער מענטש פאַרנעמט צוריק דעם אויבנאָן.
דעם פרילינג פייערט ער ווי זיין נצחון
און הענגט ארוים די רויטע פאָן.

# דער ווינט און איך

דער ווינט האָט אָפּגעריסן זיך א ווילדער.
איך ווייס שוין וואָס ער זוכט און וואָס ער וויל דאָרט.
אָט ווארפט ער זיך ארויף אויף מיינע שויבן
און פּויקט אין זיי, ווי בלויז די רו צו רויבן
און נישט דערלאָזן, אז דאָס האַרץ זאָל שטילן —
איז ער געשיקט אין סאמע אָנהייב פּרילינג.

נו, זאָל ער הוליען — מיר איז נישט דערווידער,
ווען ער רייסט-אויף די פענצטער און די לידער!
איך ווייס שוין גוט, וואָס ער איז איצטער אויסן.
איך לאָז אים שרייען אויפן גאַנצן דרויסן
און גיב אים אלע פרייע ווייטן איבער —
דאָרט איז ער, אין דער צייט, א גאַסט, א ליבער.

די לעצטע וואָלקנס דאַרף ער דאָרט פאַריאָגן,
די רעשטן שניי — צעטייען און צעטראָגן,
פּארזאמלען אלע וואסערן צוזאמען
און טרייבן אלע טייכן צו די ימען.

און איך? איך נעם ביי אים אוועק דעם ניגון
פון אומרו, וואָס ווערט קיינמאָל נישט אָנטשוויגן
און טראָגט זיך אין דעם בלוט, א נישט דערהערטער,
ביז ער ברעכט אויס אין דער מוזיק פון ווערטער.

# א לויב דער זון

א לויב דער זון, זי האָט זיך דורכגעריסן
אין לעצטן ווינטער-טאָג דורך שניי און רעגן.
אין אלע שטעט — זיך מיטאַמאָל באַוויזן,
און אומעטום אריין דורך טויזנט וועגן.

איצט היפּט זי דורכן לאַנד אין ברייטע שפּרונגען,
דער שאָטן לויפט איר נאָך און וויל באַפאַלן.
נאָר אויף די פעלדער בלייבן, ווי די צונגען,
צעשאָטן אירע גליענדיקע שטראַלן.

זי שמעלצט דאָרט אוים די לעצטע גרויע שנייען,
פאַרוואַנדלט זיי אין פרילינגדיקע שטראָמען.
די ערשטע גראָזן נעמט זי אָפּ אין ווייען
פון פולע און זיך-שפּאַלטנדיקע זאָמען.

א לויב דער זון! נאָך אירע שפּורן פליען
צוריק די פייגל פון די דרום-לענדער.
די טייכן שפּיגלען אָפּ, די סעדער בליען —
די ערד ווערט ווידער צום גן-עדן ענלעך.

די ליכטיקייט הייבט אָן זיך שנעל פאַרמערן
און שטופּט ארוים די נעכט פון די מעת-לעתן —
פאַרטאָג, ווען ס׳לייכטן נאָך די גרינע שטערן,
הייבט זי שוין אָן דאָס גאַנצע לאַנד צו מעסטן.

זי זאַמלט אלע נעפּלען איין אין טויען
און הענגט זיי אויף, ווי פּערל, אויף די גראָזן. —
אַ לויב דער זון! מיר קאָנען איר געטרויען,
דאָס לעבן וועט אונדז קיינמאָל נישט פאַרלאָזן!

# ערשטער שטורעם

דעם אָנהייב-פרילינג איך דערמאָן
פון יענעם ערשטן שטורעם-רעגן:
דער דונער זאָגט זיין אָנקום אָן
דער בליץ באַלייכט פאַר אים די וועגן.

עס הילכט אָפּ אין דער אונטערערד
דער ווידערקול פון דעם געוויטער,
ביז יעדעם קערנדל דערהערט
און גיט זיך אָפּ אים מיט א ציטער.

אין שטורעם איז אוועק דער בוים,
מיט פרוכטבאַרקייט זיך אָנגעטרונקען.
איצט שטייט ער אויפן שווארצן רוים
מיט גליענדיקע קנאָספּן-פונקען.

דער צודעק פון דער ערד צעפּאַלט
פאַרברענט פון בענקשאַפט און פון ליבע —
און איך דערזע איר הויל געשטאַלט
באַלויכטן פון דעם פרילינג-פיבער.

און איך בין גרייט אין דער מינוט
פאַר איר זיך שטעלן אויף די קניען
און אָנצושיכורן דאָס בלוט
ביז ס'וועט מיין יוגנט ווידער בליען.

## פרילינג און פרידן

דער ווינט האָט אַלץ איבערגעשטעלט,
די ערד איז פאַרענדערט געוואָרן,
און ס׳האָט זיך דער שניי אויפן פעלד
פאַרוואַנדלט אין גרינען פון קאָרן.

מיין צוג שפּרינגט איצט איבער א ווייט
און שניידט דורך דעם פרילינג אינמיטן.
און יינגער ווער איך מיט א צייט,
ווען ס׳ווערן די צייטן געביטן...

אין פענצטערל יאָגט נאָך די זון,
עס יאָגן פון אונטן די רעדער.
איך ווייס, סיי פון דעם , סיי דערפון —
עס איילן צו בליונג די סעדער.

צוויי ווערטער וואָס זאָגן מיר אַלץ,
צוויי ווערטער בלויז: פרילינג און פרידן.
דאָס דריטע, וואָס ליגט מיר אין האַלדז —
דאָס דריטע וועט ווערן א ניגון.

א הימל פון ראַנד ביז צו ראַנד,
א שטילקייט, וואָס וואַרט אויפן עכאָ
פון שיינקייט און גוטן פאַרשטאַנד —
א ליד וועט די שטילקייט צעברעכן!

דאָס ליד וועט די גרודעס פון ליים
פאַרוואַנדלען אין גלעזערנע הייזער —
דאָס ליד פאַר מיין חרובער היים
ברענג איך פון א גליקלעכער רייזע.

צוג ווראָצלאַוו—וואַרשע, אַפּריל 1949.

## גראָז און קאַלך

אום זומער קאָן איך פאָרן צו דעם ים,
אום ווינטער צו דער זון אויף הויכע בערג;
פון היצן און פון קעלטן איז פאַראַן
וווהין צו לויפן אויף דער שיינער ערד.

און בלויז פון פרילינג איז פאר מיר נישטאָ
ווו צו באַהאַלטן זיך אויף דעם פּלאַנעט:
זיין בליונג־שטויב אין משך פון איין שעה
לויפט דורך די דערפער און באַזוכט די שטעט.

ער וועט מיך שוין געפינען אומעטום,
ווו נאָר מיין אָטעם גיט מיך אויס, אז כ'לעב.
ער נעמט מיך שטיל און אומבאמערקט ארום
און פלאָנטערט מיך אריין אין זיין געוועב.

איז בעסער שוין אין ערגעץ נישט אוועק,
נאָר איבערגעבן זיך אויף זיין גענאָד
אָט דאָ, ווו ס'ווערט דאָס גראָז מיט קאַלך פארפלעקט —
אין ווארשע, אין דער וווּנדערלעכער שטאָט.

דער בעז וועט מיך דערגרייכן אויך אַהער,
אויך דאָ וועט מיך פארשיכורן די פרייד.
דעם פרילינג יעדעס ווינקעלע געהער —
די ערד פארנעמט ער אין דער גאַנצער ברייט.

## די גרינע פֿאַרב

די גרינע פֿאַרב פֿון וואַקסן און זיך מערן
וועט קיינמאָל נישט פֿון אונדזער ערד פֿאַרשווינדן.
און ווייל זי וויל דער צוקונפֿט בלויז געהערן,
וועט זי אונדז מיט דער אייביקייט פֿאַרבינדן.

דער בלאַט וואָס הייבט זיך ווידער אָן באַנייען
האָט דורכגעקלעבט שוין הונדערטער געשטאַלטן.
פֿון אַלע האָט ער זיך געמוזט באַפֿרייען,
כּדי זיך אָפּצוטיילן פֿונעם אַלטן.

דער האַרבסט ווישט אָפּ פֿון פֿעלדער אַלע גראָזן,
דער שניי דעקט איין די ערד אין לאַנגן שווייגן,
נאָר ווען דער פֿרילינג־ווינט הייבט אָן צו בלאָזן —
די זעלבע גראָזן נעמען ווידער שטייגן

און וואַקסן איבער די פֿון פֿאַראיאָרן,
און יאָגן איבער פֿריערדיקע הייכן,
ביז וואַנען יעדעס קערנדל פֿון קאָרן
קאָן צו דער פֿולער שפּע שוין דערגרייכן.

די גרינע פֿאַרב צוזאַמען מיט דער יוגנט
וועט אונדזער קעגנוואַרט אין גליק פֿאַרבייטן.
זיי ביידע זענען קיינמאָל נישט באַנוגנט
און שטענדיק — הונגעריק נאָך נייע צייטן.

## מיר זענען גרייט

פון כמורנע טעג און שטורעמדיקע ווינטן
איז צוגעפאלן אונדז א גרויסער חלק,
דערפאר, קאָן זיין, אַנטלויפן מיר פון ווינטער
און יעדער פרילינג־טאָג פאר אונדז איז הייליק.

אין אלע צייטן פלעגן די פּאָעטן
בלויז צו דער זון, ווי צו א געטין דינען.
מיט כישוף־רייד זיי האָבן אויסגעבעטן
זי זאָל די ערד מיט האָפענונג באַגרינען.

ווי ווילדער וויין האָט בענקשאַפט זיך געוויקלט
פון קעלער־שטובן צו די בלאָע רוימען.
אין ליד פון בונט געפונען האָט א תיקון
יעטוועדער איינער פון די בלייכע טרוימען.

פון נויט און פיין, פון הונגער און פון טרויער
מיר האָבן אונדזער פרייד ארויסגערופן.
דאָס איז דער קאַמף, וואָס האָט אלץ אויסגעדויערט
און דורכגעפירט דורך אלע שווערע פּרוון.

איצט האָבן זיך די פרייהייט און דער פרילינג
ארויסגעשיילט פון נעפלען און סימבאָלן.
פאר אַט דעם שיינעם, לעבעדיקן צווילינג
מיר זענען גרייט מיט אונדזער בלוט באַצאָלן;

מיר זענען גרייט אין שלאַכטן צו פארשווינדן,
אבי אין ליד און לעבן זיין באַטייליקט...
דערפאר, קאָן זיין, אנטלויפן מיר פון ווינטער
און יעדער פרילינג־טאָג פאר אונדז איז הייליק.

# לעבעדיקע פאַרבן

ווי ס'לעבן האָב איך ליב די בונטע פאַרבן
וואָס קומען אויף פון אונדזער שוואַרצער ערד
און האַלטן אָן ביז סאַמע ערב-שטאַרבן —
ביז פון דעם וויאַנען ווערן זיי צעשטערט.

כ'האָב נאָכגעקוקט דעם איבערגאַנג פון גרינען
צום רויטן בלי — די גאַנצע פרילינג-צייט,
נאָר נישט באַוויזן האָב איך צו געפינען
די רגע פון דעם וווּנדערלעכן בייט.

פּונקט ווי דאָס בלוט, וואָס פליסט אין מיר באַהאַלטן
און שרעקט זיך פאַר דעם דרויסנדיקן ליכט —
אויב כ'פּרוּוו די פאַרבן אויף אַ ווייל פאַרהאַלטן,
זיי ווערן גלייך פאַרגליווערט און געדיכט.

דאָס גראָז הייבט אָן צו טריקענען און דאַרן,
אויף אַלע בלומען שרומפּט זיך איין די הויט,
און אויף די פאַרבן לויערן געפאַרן
פון שוואַרצן, אַלץ-פאַרלעשנדיקן טויט.

# איך בין נישט פרום

איך בין נישט פרום — נאָר אין דעם פרילינג־בלי
וואָלט איך אַוועקגעשטעלט זיך אויף דער קני
און אין דעם בלומען־ווײַרויך אויסגעוואָרט,
אַז כ׳זאָל פון ניסים ווערן אָפּגענאַרט.
קאָן זײַן, נישט לאַנג שוין בלײַבן וועט דער סוד
און דאָס, וואָס מענטשן רופן אָן נאָך גאָט —
דאָס אַלץ, וואָס איז ביז איצט נישט אויפגעקלערט —
וועט אויפגיין מיט דעם לעבן אויף דער ערד,
נאָר איך וועל זוכן אַלץ א טיפן מיין
אין דעם, פאַרוואָס די בלומען זענען שיין,
פאַרוואָס דאָס לעבעדיקע בלוט איז רויט —
פאַרוואָס די ליבע שטאַרקער איז פון טויט.

איך גיי אין פעלד, ס׳איז פרילינג אינדערפרי.
די לופט איז איצטער בלויז פאַר שוואַלבן־פלי,
די זון האָט נאָרוואָס אָפּגעלעקט דעם טוי,
און אַלדאָס גרינס איז ציטעריק אַזוי,
ווי ערשט אַרויסגעקומען פון באַשאַף.
און פונקט ווי אדם, שטיי איך און איך גאַף
און זוך אַ נאָמען פאַרן ווונדער — אַזאַ וואָרט,
וואָס זאָל באַפרייען מיך פון כּישוף־אָרט.
עס פאַלט די בענקשאַפט אָן אויף מיר, ווי שלאָף
און ווידער בין איך גרייט אויף גרעסטער שטראָף —
צו לאָזן זיך באַרויבן פון אַ ריף,
אָבי צו הערן ווידער: כ׳האָב דיך ליב!

# אין פרילינג א פליער

אין פרילינג א פליער צו זיין איז א גליק! —
ווען ס׳ליגן די וואָלקנס זיך אוים ווי א בריק
אויף זוניקע זיילן — פון ערד ביז צום רוים —
איז גוט זיך צו וואַרפן אין פוכיקן שוים,
באַהערשן דעם ווינט און אים טרייבן אהין,
ווו ס׳גיט אָפּ די האַנט א באַפעל דער מאַשין,
און דורכגיין דעם וואָלקן ארויף און פארקערט —
א בליק אויף דער זון און א בליק אויף דער ערד!

געוווינט איז דער פליער צו בלענד און צו הייך.
פון דאַנען זיין אויג אזא ווייטקייט דערגרייכט —
מיט איינמאָל צו זעען פון ראַנד ביז צו ראַנד,
ווי ס׳טונקט זיך אין גרינקייט דאָס פוילישע לאַנד.
און כאָטש פונדערווייטנס די היים זעט אוים קליין,
איז ער אין די הימלען אצינד נישט אליין:
אינמיטן די קעסטעלעך — הייזער פון שטעט
זיין אייגענע גאַס ער דערקענט און דערזעט.
ער דרייט זיך ארום איר אין קרייז פון זיין בליק —
אין פרילינג א פליער צו זיין איז אַ גליק!

## ערשטער מאַי

די רויטע פֿאָן האָט ווידער זיך צעוויגט
און איז צו בלויע הימלען אויפֿגעשטיגן
אין אַלע לענדער, ווו זי האָט געזיגט
און אויך אין יענע, ווו זי וועט ערשט זיגן.

דער מענטש איז פֿון זיין אַרבעט היינט אַוועק,
געווענדעט זיינע אויגן אין דער ריכטונג
פֿון וואַנען ס׳קנוילט דאָס פֿייער און די שרעק —
כּדי זיך קעגנשטעלן דער פֿאַרניכטונג.

פֿון פֿראַנקרייך ביז צום זאַמדיקן איראַן,
פֿון ווייטן אינדיע ביז צו באַרצעלאָנע —
ווו נאָר די אונטערדריקונג איז פֿאַראַן
וועט היינט די פֿאָן אין ווידערשטאַנד דערמאָנען.

און איבערגיין וועט זי פֿון לאַנד צו לאַנד,
זיך טראָגן ווי אַ פֿלאַמענדיקער צייכן
פֿון ווילן און פֿון ליכטיקן פֿאַרשטאַנד
די פֿריינטשאַפֿט צווישן פֿעלקער צו דערגרייכן.

און דאָ ביי אונדז די פֿאָן ווערט היינט געקרוינט
אויף טויזנט דעכער פֿון די נייע בלאָקן,
וואָס ווערן דורך די מענטשן ערשט באַוווינט
און אָנגעפֿילט מיט פֿרייד אויף אַלע שטאָקן.

פֿון דאַנען הייבט זי אויף זיך צו דער הייך,
ווו זי איז שוין אין מאָסקווע אויפֿגעשטיגן;
פֿון דאַנען פֿלאַטערט זי אַוועק און גרייכט
צו יענע לענדער, ווו זי דאַרף נאָך זיגן!

1951

# די יאָרן מיינע בלעטערט נישט דער ווינט

די יאָרן מיינע בלעטערט נישט דער ווינט —
די יאָרן מיינע צייל איך לויט די פרילינגס
און לויט דעם גליק וואָס איילט זיך און פארשווינדט,
כדי די בענקשאַפט זאָל נישט קאָנען שטילן.

יאָ, וויפל מאָל עס איז דער גרינער בלאַט
געוואָרן פריש און פייכט אין מיינע אויגן —
אזויפיל פרילינגס האָב איך שוין געהאַט,
אזויפיל יאָרן זענען שוין פארפלויגן.

נאָר איך בין אַלץ נאָך גיריק און איך וואַרט
אויף יעדן איינעם פרילינג וואָס דאַרף קומען.
איך בין נאָך גרייט צו ווערן אָפּגענאַרט
פון אַלע בלויע שעמעוודיקע בלומען.

אַלציינס וועל איך זיי שטענדיק בלייבן טריי
מיט אַלע מיינע חושים און באגערן
און אַלע יאָר, אין שיינעם חודש מאַי,
כ'וועל ווידער ליבע אייביקע זיי שווערן.

## וואנדער

מיר בלייבן אָפּטמאָל איבער בלויז אין צווייען,
ווי נאַרוואָס פון דעם לעבן אויפגעוועקט,
און דעמלט הייבן מיר זיך אָן צו פרייען
מיט יעדער זאַך וואָס ווערט דורך אונדז אַנטדעקט.

מיר לערנען ערשט זיך אויס צו אונטערשיידן
א גוטן שמייכל פון א רויטער בלום,
און די אומשטערבלעכקייט פארבינדט אונדז ביידן,
ווען איך נעם דיך צום ערשטן מאָל ארום.

דו שטרעקסט דיין האַנט אויס — אלע ביימער בליען,
דו מאַכסט אַ טראַט — די פעלדער זענען גרין,
דו הייבסט דעם קאָפּ אויף — אלע פייגל פליען
געטרייע, פאַרנוויז און מין צו מין.

מיר גייען איבער אומבאַקאַנטע וועגן
און ווייסן נאָכנישט, אז דאָס בלוט איז רויט,
און ווייסן נאָכנישט וועמען זיך צו פרעגן,
ווו ס׳גרענעצט זיך דאָס לעבן מיטן טויט.

די וויטן זענען בלאָ און אומגעהויער,
און אויסגעפּרוווט דורך אונדז ווערט יעדע פרייד.
ביז ס׳פּאַלט אויף אונדז אָן אורשרעק און א טרויער,
ווען מיר דערזעען, אַז די זון פאַרגייט.

## פון וואַנען?

פון וואַנען האָט זיך עס גענומען
דער ערשטער שמייכל אויף דער ערד? —
דאָס ווייסן שוין פון לאַנג די בלומען,
נאָר אויסצוזאָגן — איז פאַרווערט.

איך האָב די בלומען אויסגעריסן,
כאָטש יעדע איז געווען א שאָד.
איך האָב בלויז זיך געוואָלט דערוויסן,
געוואָלט דערגיין דעם בלומען־סוד.

דער גאַנצער זומער האָט געשוויגן,
דער האַרבסט האָט אויך נישט אויסגעזאָגט.
און ענטפער האָב איך איצט געקריגן
פון סאַמע ערשטן פרילינג־טאָג.

ווען ס'האָט די זון דעם שניי צעטייעט,
דאָס ערשטע בלימל — אויפגעוועקט,
איז מיר דער סוד געוואָרן טייער,
ווייל כ'האָב אליין דעם סוד אַנטפּלעקט.

אין יענער רגע, ווען געביטן
די גרינע קנאָספּ האָט איר קאָליר —
האָט מיך דאָס זעלבע נישט געמיטן,
איז פונקט אזוי געשען מיט מיר:

די זעלבע זון האָט אָנגעצונדן
דעם שמייכל אויף מיין בלייך געזיכט,
און ס'האָט מיך מיט דער בלום פאַרבונדן
דער סוד פון לעבן און פון ליכט.

# בליענדיקע צווייגן

איך האָב דערזען א בוים אין אָנהייב בליען
און ווידער איז מיין צונג געליימט געוואָרן:
אויף יעדן צווייגל האָט געגומען גליען
א פונק פון דעם פארלאָשענעם זכרון.
מיר דינט דער ווינטער אויבעט אויף דערמאַנען
דאָס אַלץ וואָס רעגנס האָבן אויסגעשטראָכן,
נאָר אין דעם בליונג-ליכט איז אויפגעשטאַנען
די קינדהייט מיינע פריש און נישט צעבראָכן.

אין פרילינג איז מיר שווער צו שרייבן לידער
און מיט מיין וואָרט די בלומען צו פאַרבליפן,
דערפאר איז לייכט מיר אויסצוגראָבן ווידער
דעם שווארצערד-ריח פון דעם עבר טיפן. — — —
אויף דער טאָרגאָווע גרינען אַלע סקווערן,
די רייפע זון האָט מיך אדורכגענומען,
און כ'בין פארליבט ביז ווייטיק און ביז טרערן
אין אַלע צאַרטע שמעקעדיקע בלומען.

די לייכטע ווינטלעך ווערן מיינע פליגל
און ווי דאָס ליכט שוועב איך אויף זיי א גרינגער.
דאָס שטילע גליק פארוואַנדלט זיך אין ניגון —
און אָט אַזוי ווער איך דער ערדס באַזינגער.
איך לויף אהיים, עס שפרינגט מיר נאָך דער שאָטן.
איך זוך דאָס וואָרט מיין זעונג צו באַשיידן,
איך נעם איין פיר שטאָק שטיגן מיט איין אָטעם —
און אויפן דרויסן בלייבן אַלע פריידן. — — —

געווים בין איך שוין ווייט פון יענעם יינגל —
מיין שפּראַך איז אַ געאיבטע און געניטע,
און דאָך גיי איך נאָך אַלץ אויף שפּיצן־פינגער
אַרום דיביימער נאַרוואָס אויפגעבליטע.
כ׳האָב מורא מיט מיין אָטעם זיי באַרירן
און איבעררייסן מיט אַ וואָרט דאָס שווייגן,
כדי נישט צו פאַרלעשן און פאַרפירן
די וווּנדערלעכע ברענענדיקע צווייגן.

# שלום

דאָס סאַמע שענסטע וואָרט אין אַלע שפּראַכן,
דאָס סאַמע אָפּגעהיטנסטע — איז שלום.
געניוג דער קלאַנג — און ס׳הייבן אָן דערוואַכן
די טויטע זעלנער, ווי אין כישוף־חלום.
דורך אַלע ימען און דורך דער יבשה —
ער גייט אין ווינט, ער זינגט אין אַלע לידער.
דאָס איז דער אָנהייב פון אַ נייעם לשון
פאַר פעלקער פרייע און פאַר מענטשן — ברידער.

מיין ערד, ווי שטיל עס לויפן דיינע טייכן
אַפילו צווישן גרענעצן און לענדער!
זיי גלעטן אוים די ברעגן און פאַרגלייכן
און בינדן זיי צונויף מיט בלויע בענדער.
דיביימער קוקן אוים אויף ביידע ברעגן,
די צייטן און די פייגל פליען איבער
און ברענגען פון די ווייטע וואַנדער־וועגן
דאָס אַלטע ליד פון יוגנט און פון ליבע.

די פרילינג־ווינטן דעקן אָפּ דעם הימל,
דער נעפל פאַלט אַרונטער, ווי אַ שלייער,
און ס׳גייט דער בוים אַרויס פון ווינטער־דרימל,
און ס׳צינדט די זון אים אָן אין בליונג־פייער.
דאָס גראָז ברעכט דורך דעם באָדן מיט גבורה,
פאַרגיסט מיט פרישקייט אַלע ווייטע פלאַכן.
און פון די וועלדער לויפט אָן, ווי אַ בשורה,
דאָס ליד פון פרייד אין הונדערט פויגל־שפּראַכן.

מיין ערד, ווי גוט עס איז אויף דיר צו שפּאַנען
און ווערן איינגעזאַפּט פון דיינע ווייטן —
אין יעדן ווינקל דיינעם איז פאַראַנען
די קראַפט, וואָס דויערט איבער אַלע צייטן:
דאָס בלוט, וואָס ווערט נישט מיד זיך צו באַנייען,
די יוגנט, וואָס איז האַפּערדיק און גלויביק,
דער מענטש, וואָס וויל דיך פון דעם סוד באַפרייען —
אין ראַנגלעניש מיט דיר דער מענטש ווערט אייביק!

ער האָט צעקרישלט דיינע בערג אין שטיינער,
מיט דיינע בערג — די וועגן אויסגעפּלאַסטערט
און מיט דעם אַרץ, וואָס ער האָט אָפּגערייניקט
געבויט דיר שטעט פון שטאָל און אַלאַבאַסטער.
דאָס ליכט, וואָס איז יאָרטויזנטער פאַרשווונדן
האָט ער אין דיינע טיפן אָפּגעפונען.
און ס'האָבן אין דער נאַכט זיך אָנגעצונדן
עלעקטרי־לאָמפּן, ווי די בלויע זונען.

אָ, ערד, מיין גוף איז פון דיין ליים געקנאָטן,
איך שעפּ מיין אָטעם פון דיין אַטמאָספערע. —
געבענטשט זאָל זיין דיין שטילער, טרייער שאָטן,
וואָס גייט מיר נאָך אויף אַלע וועגן שווערע.
ער היט דאָס מינדסטע גרעזל פון פאַרצערן,
ער שיצט מיין לעבן פון דעם דורשט און צאָרן.
דו צווינגסט די זון, אַז זי זאָל מיך דערנערן
און טרייבן אין מאַשינען די מאָטאָרן.

איך גיי אויף דיר פון אַלע ווייטע דורות,
דאָס פּנים — צו דיין מזרח־זייט געווענדעט.
איך פיר ארוים דיך פון די דזשונגל־מוראס
און אין דעם גאַנג — איך ווער אליין געענדערט.

דו ביסט אַרוים אויף ליכטיקע אַספּאַלטן
פון מיטלאַלטערלעכע לאַבירינטן
און איך — פון הונדערט טונקעלע געשטאַלטן —
ווער ניי געפּאַרעמט דורך די פרישע ווינטן.

מיין ערד פון שטילע, בליענדיקע סעדער,
פון טומלדיקע שטעט און פון פאַבריקן —
דאָס רוישן פון די בינען און פון רעדער
זאָגט אָן מיר דאָס אַנטפּלעקן נייע גליקן.
די זיבן פאַרבן פון דעם רעגנבויגן,
די פאַרבן זענען נעמען פון די פריידן,
וואָס ווערן אויסגעטרוימט דורך הענט און אויגן. —
דער שלום אויף דער ערד איז דער גן־עדן.

דער שלום אויף דער ערד — דאָס איז מיין לעבן,
דאָס איז דער שטראַל, וואָס גרייכט פון וויַיטן שטערן,
דאָס איז דער שאָטן פון דעם וואָלקנס שוועבן —
און אַלע זאַכן, וואָס מען וויל צעשטערן.
די טייכן דאַרפן שטעלן זיך אינמיטן,
די ביימער דאַרפן וועלקן פאַרן בליען,
אין גראָען אַש עס דאַרפן זיך צעשיטן
די פעדערן פון פייגל אינעם פליען.

מיין ערד, פון דיינע טיפע אינגעווייַדן
דער פרילינג ציט אַרוים אַצינד די פאַרבן,
וואָס ווילן מיט דעם בליעכץ זיך נישט שייַדן
און וועלן דיך פאַרהיטן פונעם שטאַרבן,
נאָר ס'איז פאַראַן די פאַרב פון בלוט און ווילן,
וואָס שטראָמט דורך אַלע פעלקער העל און פריידיק:
דאָס איז די רויטע פאַרב, וואָס קאָן נישט שטילן —
זי האָט פון אומקום שטענדיק דיך פאַרטיידיקט!

# די שיף פון שלום

## אַפּשייד

מיין ערד, ערשט ווען איך קום צו דיינע ברעגן
ווערט ליבער נאָך דיין זיכערע יבשה. —
דער אומענד לויפט פון ווייטקייט מיר אנטקעגן
און וואַרפט זיך אָן מיין בענקשאַפט ווי א משל.

ווי אלע מאָל עס ציט דער ים מיך ווידער,
נאָר מיט דעם היימלאַנד איז זיך שווער צו שיידן.
און איך דערפיל דעם ריח פון די לידער,
וואָס גרייכט מיך פון הלוי׳ן, אונדזער זיידן.

דער גדיניער פאַרט האָט נאָר וואָס זיך דערוויטערט
און איך טראַכט שוין פון ביימער און פון גראָזן,
פון פוילנס הימלען — האַרבסטיק־אויסגעלייטערט,
ווי כ׳וואָלט דאָס לאַנד חדשים שוין פאַרלאָזן.

נאָך גוט, וואָס מיך באַגלייטן ווייסע מעוועס
און וואַכן איבער מיר מיט שאַרפע אויגן. —
די שיף האָט מיטאמאָל זיך הויך צערעוועט
און צו דער פרעמד פון ים זיך אָנגעבויגן.

## מיט אונדזער ווילן

די ווייסקייט פון די פּאַכענדיקע טיכלעך
פאַרוואַנדלט זיך אין כוואַליענדיקן שוימען.
די שיף נעמט שווימען האַסטיקער און גיכער
אהין, צו דער אומענדלעכקייט פון רוימען.

זי שניידט אדורך דעם ים אין סאמע מיטן
און האלט זיך ווי צום וויטסטן פון תהומען.
קאָן זיין, זי וועט פון שטורעם נישט פארהיטן,
נאָר פון דער וועלט מען וועט אונדז נישט פארצוימען.

אויף אלע ברעגן וועט מען אונדז באגריסן,
אין אלע פאָרטן וועט מען אויף אונדז ווארטן. —
פון היים און ארבעט האָט אונדז אָפּגעריסן
די זאָרג פאר אלע מענטשן פון דער ארבעט.

נישט נאָר דער ים און די קאַפּריזנע וועלן,
נאָר אויך דעם ווילדן כאַאָס פון די יאָרן
מיר זענען צוגעווינט זיך קעגנשטעלן
מיט אונדזער ווילן און מיט אונדזער צאָרן!

## אָ נ ז אָ ג

מיר זענען ערשט ארוים אויף גרויע ברייטן,
דאָס פרעמדע וואסער האָט אונדז אויפגענומען,
געלאָזן לויפן אונדז אויף אַלעם גרייטן,
וואָס קאָן פון נעפּלדיקן מערב קומען.

די כוואַליעס דאָ געהערן נישט צו קיינעם
און בלויז די סטיכיע האָט אויף זיי צו שאַפן
און דאָך מיר פילן אלע זיך אינייינעם,
ווייל ס׳פירט די שיף אונדז פון א פעסטן האַפן.

פון ביאַליסטאָק דורך ווארשע ביז צו גדיניע
דאָס פאָלק האָט אויסגעשטעלט זיך אין שפאַליערן:
— די שלאַכט פאר שלום וועלן מיר געווינען!
— די אַטאָם־באָמבע וועלן מיר פארווערן!

מיר זענען דורכגעגאַנגען אַט די רייען
פון מוטערס און פון שמייכלענדיקע קינדער,
ווי שבועות אָפּגענומען די געשרייען:
— צום משפּט די מלחמה־אונטערצינדער!

דאָס גאַנצע לאַנד פאַרהאַלטן האָט דעם אָטעם,
ווען ס'האָט די שיף פון ברעג זיך אָפּגעריסן:
— די פרייַנטשאַפט האָט נאָך קיינער נישט פאַרבאָטן,
די פריינט פון אַלע פעלקער זאָלט איר גריסן!

און אָט דעם אָנזאָג פירן מיר דורך ווייטן
אויף אונדזער שיף פון שלום און פון האָפן. —
עס עפנט זיך דער ים פון אַלע זייטן
און אויך אויף מערב איז ער פאַר אונדז אָפן.

## ש ל י ח י ם

אַ טאָג שוין ווי מיר שווימען אויף די שטחים
פון גרויען און פון אומעטיקן באַלטיק.
דער לעצטער שפּור פון ערד איז אויסגעשטראָכן
און פון דעם נעפּל — הינטער אונדז באַהאַלטן.

נאָר מיר — מיר פילן זיך נאָך צוגעבונדן
צו לאַנד און פאָלק, די שטענדיקע באַגלייטער.
ווען ס'איז די היים פון אונדזער אויג פאַרשוווּנדן,
איז זי אין אונדזער האַרץ געוואָרן ברייטער.

מיר ווינען איצט אינמיטן ים צוזאַמען
אין אַט די ענגע טונקעלע קאַיוטעס,
נאָר ס'האָט די ערד געשיקט אונדז, ווייל מיר שטאַמען
פון פעלדער, פון פאַבריקן און פון הוטעס!

נאָך מאַריאַן טשייקאָ קוקט א נייער מויער,
א קאַטאָוויצער קוימען — נאָך טרוכאַנעז,
און פּיסאַרקאָווען האָט אַן אַלטער פויער
געבעטן, אַז זי זאָל אים אויך דערמאָנען.

ניין, ס׳וועלן די שליחים זיך נישט שיידן
מיט שטעט די חרובע און אָפּגעבויטע. —
און מיך, דעם יידישן פּאָעט, באַגלייטן
די לעבעדיקע און, נאָכמער, די טויטע.

זיי האָבן ביי מיין לעבן מיך באַשווירן,
אַז ווי דער ים זאָל זיך מיין בלוט נישט שטילן,
כּל־זמן עס וועט די אָפּגעטעמפּטע מורא
זיך נישט פאַרוואַנדלען אין דעם פעלקער־ווילן!

### א ו מ ר ו

מיר זענען פון דער נאַכט אַרויסגעפאָרן
און נישט דערקענט די ווייסע וואַסער־וועגן:
די כוואַליעס זענען שטאָליקער געוואָרן
און אַלע ווינטן בלאָזן אונדז אַנטקעגן.

דער העלער שוים שפּרינגט לייכט דעם באָרט אַריבער
און פּרוווט מיט זאַלץ מיין פּנים צו פאַרברענען.
דער ים ווערט אַלץ אומרויקער און ליבער,
און אין זיין שפּיגל — כ׳חייב זיך אָן דערקענען.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס די תהומען קאָכן
און ווילן פון דער פלאָך מיין בילד פאַרמעקן.
דאָס האָט דער ווינט דעם ים אויף צוויי צעבראָכן,
כּדי מיין אומרו ווידער אויפצווועקן.

איין כוואַליע רייסט זיך האַסטיק אויף דער צווייטער
און איידער זי באַווייזט איר צו דעריאָגן,
לויפט אָן דערוווייל א דריטע נאָך — א גרייטע
די ערשטע צוויי אין שוימען צו צעשלאָגן.

— עך, שטורעם־ווינט, מיר וועלן גיין געאָרעמט,
ווי ביז אַהער, אַנטקעגן די תהומען!
דו האָסט די טיפן פונעם ים דערצאָרנט,
און איך — די טיף פון מענטשלעכער נשמה.

## ד ו ר ך ב אַ ר י ע ר ן

און ווידער לויפן רויקע די וועלן,
זיי האָבן אויפגעהערט די שיף צו וויגן.
נאָר אַנשטאָט זיי — פון ראַדיאָ די באַפעלן
פארמאָסטן האָבן זיך אונדז צו באַזיגן.

פאַר אונדזער שיף עס האָבן זיך דערשראָקן
די אייניקלעך פון רויבער און פיראַטן.
זיי האָבן אָפגעגעבן אלע דאָקן
דער זעלנערישער אויפזיכט פון די שטאַטן.

באַפעלן איז זיי דאָרט א וויסטע אימה
פאר די, וואָס ווילן קעגן זיי פארשווערן
נישט מיט אינטריגעס פאַלשע און געהיימע,
נאָר מיט דעם רוף אינטריגעס צו פארווערן.

איצט האָבן זיי צעשיקט די טעלעגראַמען
באַפוילן אלע שפּיאָנען אין די האַפנס:
די שלום־שיפן לאָזן אויף די ימען,
און די ארייגפאָר־רעכטן אָפּצושאַפן.

נאָר הינטער פּאָליציייִשע באַריערן
דאָס פאָלק פון ענגלאַנד וועט נישט זיין געפאַנגען.
— דעם אמת וועט מען קיינמאָל נישט פאַרווערן,
צו אייער פריינטשאַפט וועלן מיר דערלאַנגען!

## אין קילער קאַנאַל

דער האָריזאָנט ווערט שמעלער אלץ און שמעלער,
דאָס האָט אַ שאָטן פון דער ערד פאַרשטעלט אים.
מיר פאָרן איצטער פאָרזיכטיק פאַמעלעך —
אַזאַ באַגעגעניש איז זייער זעלטן.

די שיף שווימט איצטער אין קאַנאַל דעם קילער,
וואָס שניידט אדורך אַ שטיק פון לאַנד מיט אייזן.
פון ביידע ברעגן, פרידלעכע און שטילע,
דאָס שיינע לעבן הייבט זיך אָן באַווייזן.

ס'איז פרי נאָך, אלע קליינע קינדער שלאָפן
און צוגעלעגנטע זענען נאָך די לאַדן,
נאָר אָט די אַלע דערפער זענען אָפן
און לאַדן איין אויף זייער שטילן באָדן.

די מענטשן קוקן אונדז נישט נאָך פאַרוווּנדערט —
צי וויסן זיי דען אויך וווהין מיר פאָרן?
עס האַלט אונדז דער קאַנאַל בלויז אָפּגעזונדערט,
נאָך פריינט מיר זענען זיך פון לאַנג געוואָרן.

איך בין זיך מודה, אַז כ'וואָלט דאָ זייער גערן
זיך אָפּגערוט אביסל פונעם וואַנדער.
און ווען די פּאָליציי זאָל נאָר נישט שטערן,
וואָלט איך דאָ, אויף אַ ווײַלע כאָטש, געלאַנדעט.

איך וואָלט זיך אויסגעפרעגט ביי אַלע פרויען,
צי איז דער שלאָף פון קינדער ביי זיי טייער,
און אויך — צי וועלן זיי נאָך ווען געטרויען
דעם פיינט, וואָס שיקט די מענער אינעם פייער.

## מיר וועלן דאָך דערגרייכן

דער ים איז אויף פאַרייניקן באַשאַפן
און די יבשה — שיפן אויפצונעמען
נאָר אונדזער שיף פאָרט איצטער צו אַ האַפן,
ווו אַלץ איז גרייט מיט פרעמדקייט צו פאַרשעמען.

עס וואַרט די פּאָליציי דאָרט אָפּ באַוואָפנט,
זי וואַרט דאָרט אין ציוויל און אין מונדירן,
אַז ס'זאָל קיין פּיצל ברעג נישט בלייבן אָפן,
ווו מיר אין ענגלאַנד זאָלן זיך באַרירן.

געוויס, מיר קאָנען זיך אויף אַלעם ריכטן
פון די, וואָס ווילן אונדזער קראַפט צעשפּאַלטן. —
מיר שווימען ווייטער אין דער מערב־ריכטונג
און קיין שום כוח וועט אונדז נישט פאַרהאַלטן!

צו יענעם ברעג מיר וועלן דאָך דערגרייכן!
ווי איצטער, וועלן אים די כוואַליעס שווענקען.
פון עטלין וועט נישט בלייבן שוין קיין זכר
ווען ענגלאַנד וועט נאָך אונדזער שיף געדענקען.

## אַ קרייצער

אומענדלעך אומעטיק איז אויף די וועגן
ווו הימל־ליכט אין וואַסער־שיין פאַרבייט זיך.
היינט האָט זיך אונדזער שלום־שיף באַגעגנט
מיט אַ פּילרעריקער מלחמה־שיף — אַ קרייצער.

נישט ווייט פון אונדז איז זי פארבייגעשוואומען,
די מאַנשאַפט אירע האָט זיך אויסבאַהאַלטן.
נאָר ס'האָט דאָס שוואַרצע, דראָענדיקע שטומען
פון די קאַנאָנען אונדז געפּרווט פאַרהאַלטן.

אַנטקעגן וועמען איז די שיף באַוואָפנט,
אין וועמען צילן די האַרמאַטן־שפּייער?
מיר ווילן מער נישט הפקר זיין און אָפן
פאַר דעם באַנדיטישן מלחמה־פייער!

ווער ווערט דען רייך פון אונדזער בלוט און שאָדן? —
א הייפל פון באַנקירן און פאַרברעכער.
ווער האָט די באָמבעס אויף דער שיף געלאָדן? —
געדונגענע פאַרעטער, איינהייט־ברעכער. —

די כוואַליעס לויפן האַסטיק זיך פונאַנדער
און נעמען איין דעם קרייצער, ווי אין רינגען.
איך וואַרט, אַז אָט די שיף פון האַס און שאַנדע
זאָל פּלאַצן ווי א ליגן און צעשפּרינגען.

איר שאָטן זאָל דאָס וואַסער נישט פאַרפלעקן,
זי זאָל שוין מער די ברעגן נישט באַדראָען. —
מיר מיידן זיך. דער נעפּל נעמט פאַרדעקן
דעם שטח צווישן אונדז — און דעם שגעון.

## צוריק

מיר האָבן ערשט באַקומען די ידיעה,
אַז ענגלאַנד האָט באַלאַגערט אירע ברעגן
און אַלע די, וואָס פאָרן נאָך פון פריער
קיין שעיפילד — זאָלן בלייבן אויף די וועגן.

אונדז האָט די גיים לחלוטין נישט צעטומלט,
זי האָט אונדז אויך אפילו נישט פאַרוווּנדערט —
דעם וועג צו ענגלאַנד האָט דער פיינט פאַרנומען,
נאָר פרייע — זענען נאָך געבליבן הונדערט.

עס מישן זיך די כוואַליעס אין די ימען,
אין גרויע הימלען רוישן די מאָטאָרן,
אויף בלאַנקע רעלסן שניידן שנעל די באַנען —
און אַלע וועגן פירן איצט דעם צאָרן

קיין וואַרשע — צו דער שטאָט דער אויסגעפּרוווטער
אין בלוט און פייער און אין גרויסע פריידן.
אין אַלע שפּראַכן קלינגען וועט דער רוף דאָרט
אין קאַמף פאַר שלום זיך נישט מער צעשיידן.

אויך אונדזער שיף האָט איצט דעם קורס גענומען
צום היימלאַנד פון דער פרייהייט און פון פרידן.
דאָרט וואַרטן שוין די קינדער אַפּ מיט בלומען,
דאָרט וואַרטן אָפּ די אַרבעטער מיט לידער!

## ביז צום זיגן

די שנעלקייט האָט אונדז אָנגעהויבן יאָגן
צוריק צו היימישע און טרייע ברעגן.
מיר קומען אָן. דער אַנקער ווערט פאַרשלאָגן.
אַ זע! דאָס גאַנצע לאַנד גייט אונדז אַנטקעגן.

עס פלייצן פון די גאַסן די המונים
אין ענגשאַפט בלייבן מיר אַרומגערינגלט.
ווי גוט איז אין אַ לאַנד אַזאַ צו וווינען,
וווּ איין ליד ווערט דורך גאַנצע שטעט געזונגען!

אַן אויסגעשריי האָט פּלוצלינג דורכגעדונערט
און אומגעקערט זיך מעכטיק ווי אַן עכאָ.
און מאַריאַן טשאַיקאָ שטייט אויף דער טריבונע
און פון דעם צאָרן ווערט זיין שטים געהעכערט.

— חברים, בירגער! ווער קאָן דאָ פאַרווערן
דאָס גרויסע וואָרט, וואָס יעדעס פאָלק דערוואַרט איצט?
דער רוף פאַר לעבן — קעגן דער צעשטערונג
וועט קלינגען שטאַרקער נאָך אין אונדזער וואַרשע!

דעם אמת איז נישט מעגלעך צו פאַרשטעלן
מיט גרענעץ־פּאָליציאַנטן און מיט ליגן. —
די פעלקער פון דער גאָרער וועלט באַפעלן:
— זיך שלאָגן פאַר דעם שלום ביז צום זיגן!

## דאָס נייע הויז

דאָס נייע הויז וועט אויפגיין ווי אַ וווּנדער
פון זעלטענעם געשמעלץ פון שוויים און לײם,
און אין דער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט —
דאָס הויז וועט זיין מיין פעסטונג און מיין היים.

אויף רושטשאַוואַניעס שטייגן אויף די בויער
און ווינקלען איין די ציגל אין דער זון,
און מיט דער ווייסקייט פון אַ פרישער מויער —
אַ חורבה וועט פאַרצויגן ווי אַ וווּנד.

צו הימלען שטייגן אויף די גוטע מענטשן,
וואָס טראָגן רו אין האַרעפּאַשנע הענט.
מיט זייער ברכה וועט דאָס פאָלק זיך בענטשן
און זייער רום וועט לעבן אין די ווענט.

דאָס האָבן זיי פון טיפע פונדאַמענטן
ארויסגעצויבערט מיין פארלוירן ליד,
און אויפן שוועל פון געטאָ דעם פאַרברענטן,
מיט פרישער פרייד פון פרידן דורכגעגליט.

פון שטאָק צו שטאָק זיי שטייגן אויף דער מויער,
מיט זיי שטייגט אויף דאָס הילכיקע געזאַנג,
מיט זיי שטייגט אויף — פון עבר און פון טרויער —
מיין יוגנט צו אַ נייעם, דרייסטן גאַנג.

אַ סך איז נאָך איז געבליבן צו פאַרבייטן,
נאָר אין געראַנגל צווישן שלעכטס און גוטס,
און אין דעם שווערן איבערברוך פון צייטן —
דאָס הויז וועט זיין מיין פעסטונג און מיין שוץ.

# אין אלע שטעט פון אונדזער לאַנד איז ליכטיק

אין אלע שטעט פון אונדזער לאַנד איז ליכטיק.
די צוגן גייען צו דער רגע ריכטיק,
זיי שניידן דורך די שטחים און צעפירן
ענערגיע, ברויט און בירגער — פּאַסאַזשירן,
איך ווייס, וווהין די אלע צוגן איילן
און שלינגען יעדן טאָג אַזויפיל מיילן —
אויך איך אַליין געפין זיך אויף די וועגן
און נעם אַן אָנטייל אין די וועט־געיעגן
פון אונדזער דרייסטן דור, וואָס וויל באַווייזן
דאָס גליק ארויסצושלאָגן פונעם אייזן.

א גרוס אייך, מענטשן פרידלעכע און גוטע
פון פעלד, פון קוילנגרובן און פון הוטע! —
איך הער ווי ס׳אָטעמט אונטער מיר דער באָדן,
וואָס איז מיט אלעם גוטן אָנגעלאָדן.
איר ברענגט אַרויס די ליבשאַפט אין די זאַנגען
און די מוזיק — אין טומלדיקע קלאַנגען
פון האַמערס און פון רוישיקע מאָטאָרן —
די פרייד פון אלע קומענדיקע יאָרן.

אין אלע שטעט פון אונדזער לאַנד איז ליכטיק.
די צוגן לויפן אין דער זעלבער ריכטונג —
כאָטש שטענדיק גייען זיי זיך גראַד אַנטקעגן —
צום סאָציאַליזם פירן אלע וועגן!
און ס׳איז שוין באַלד קיין סטאַציע נישט געבליבן,
וו ס׳זאָל נאָך אַלץ נישט זיין דאָרט אויפגעשריבן —
מיט ווייסע לאַזונגען אויף לייוונט רויטן —
דער וועג צו אונדזער לאַנד דעם אויפגעבויטן.

# צו וואַרשע, צו דער וווּנדערלעכער שטאָט

צו וואַרשע, צו דער וווּנדערלעכער שטאָט
האָב איך די הענטלעך אויסגעשטרעקט אין וויגל.
אויף אירע שטיינער האָט מיין ערשטער טראָט
אוועקגעשטעלט פון בירגערשאַפט דעם זיגל.

מיין ערשטן אויסגעשריי האָט זי דערהערט,
די קינדער־האָר האָט זי מיר אָפּגעשניטן.
זי האָט מיך מיט איר קאָרגן ליכט גענערט
און מיט די גרויע מויערן — געהיטן.

אין הויף אויף סמאָטשע־גאַס האָב איך דערשפּירט
דעם אַראָמאַט פון היימישקייט און דויער.
ער האָט פאַרכישופט און ארויסגעפירט
מיין קינדהייט פון דער ענגשאַפט און פון טרויער.

דער טומל האָט מיין חלום נישט געוועקט,
דער שטויב האָט מיינע אויגן נישט פאַרשאָטן,
דעם הימל האָבן רויכן נישט פאַרמעקט,
און נישט פאַרשטראָכן האָבן אים די דראָטן. — — —

צו וואַרשע, צו דער וווּנדערלעכער שטאָט
קום איך צוריק איצט, ווי א זון א טרייער,
כאָטש אָפט האָט די געפאַר מיך דאָ געדראָט
און אָפט איז זי אליין אוועק אין פייער.

דורך אירע גאַסן איז אוועק מיין גאַנג
אויף אָפּצוזוכן אלע מיינע פריידן —
דאָ האָב איך אָנגעהויבן מיין געזאַנג,
וואָס קאָן זיך מיט דעם לעבן נישט צעשיידן.

## אויב מיר וועט סטייען יאָרן

און אין דער נייער שטאָט —
אויב מיר וועט סטייען יאָרן —
וויל איך דאָרט וווינען גראָד
אויף יענעמס העכסטן גאָרן,

וווּ ס'זאָל קיין בלינדע וואַנט
מיין פענצטער נישט פאַרשטעלן,
און פון דעם גאַנצן לאַנד
זאָל אין מיין שטוב נישט פעלן:

דאָס גרינע פונעם פעלד
די רויכן פון די קוימענס,
און פון דער ווייטער וועלט —
די שטערן פון די רוימען.

דערזען וויל איך די לענג
פון יענע אלע וועגן,
וווּ אונדזער ווייסל שווענקט
און לעקט ארום די ברעגן:

די דערפער און די שטעט
פון היימלאַנד מיינעם פוילן,
דאָס וואַקסן פון דער זעט
אין קאָרן און אין קוילן..

און אין דער סאָמער ווייט —
אויב נאָר מיין אויג וועט גרייכן —
דערזען וויל איך די צייט,
וואָס סטאַלין האָט געצייכנט:

דערזען וויל איך דעם דור
פון העלדישקייט און פריידן,
ווען ווערן וועט צו וואָר
דאָס לעבן אין גן־עדן.

## גענוג

פון דעם וואָס איז אַמאָל געווען, מיין קינד,
האָב איך דיר שוין דערציילט אזויפיל מאָל,
און טרויעריק איז דאָרטן, ווי דער ווינט
געבליפּעט וואָלט אָן אויפהער אין מיין קול.

דו רייסט נישט איבער, גייסט מיר שטענדיק נאָך
מיט נייגיר אין די אויגן און געהער.
און אלעמאָל דו בעטסט: דערצייל מיר נאָך! —
ווען פון דער וויע ווישסטו אָפּ אַ טרער.

גענוג שוין פון פארגאנגענעם דערציילט —
מיט דיר צוזאמען וויל איך זיין א קינד!
און וויל אין מעשהלע ווערט אלץ פארהיילט —
וויל איך, אז דו זאָלסט פירן מיך אצינד.

פאַרמאַך מיין מויל מיט דיינע קליינע הענט,
וויש אָפּ פון דאָרט די אומעטיקע רייד,
און זאָג מיר אוים דעם סוד, ווי מען דערקענט,
אויפסניי דעם וואונדער און די ערשטע פרייד.

צינד ווידער אָן דאָס ליכט ביי מיר אין בליק,
מיט פרישקייט יעדע פאַרב פאר מיר באַניי,
און ווי דיין שפּילצייג, ברענג פאר מיר צוריק
דאָס אלץ, וואָס איז מיך איינמאָל שוין פארביי.

## א רגע — נאָר א נייע

קיין איבעריקע צייט בלייבט מיר נישט איבער —
אַ רגע, וואָס קומט אָן ערשט איז מיר ליבער
פון יאָרן שוין פאַרלוירענע אויף וועגן,
וואָס זעען אוים איצט קלענער פון אַ רגע.

נאָר ס׳טרעפט אַמאָל, אַז איך לאָז זיך פאַרנאַרן
פון בענקשאַפט צו פאַרגאַנגענע געפאַרן.
אַ שלעכטער כוח הייבט מיך אָן צו יאָגן
צום אָרט, ווו ס׳האָט דער שונא מיך געשלאָגן,
און איך דערשפיר אַ שווידערלעכן תענוג,
ווען איך ווער דאָרט צום צווייטן מאָל געפייניקט.

נישט אמת, אַז דאָס יאָגט מיך נאָך מיין גורל.
איך ווייס: דאָס איז די דורותדיקע מורא,
וואָס האָט געגעסטיקט שוין אין הונדערט הערצער,
ביז זי האָט מיט מיין ווארעם בלוט דערנערט זיך;
דאָס איז זי די פאַרשאָלטענע געוווינהייט
דעם אומגליק ליב צו האָבן און באַוויינען,
און אָפּצוגעבן פאַר זיין שוואַרצער שליטה
דעם אומעט און די קלאָג-רייד די געניטע.

איך ווייס עס. און דערפאַר וויל איך אַוועקגיין
וואָס ווייטער פון די אומגליקן און שרעקן
און מיט דעם רויש פון לעבן זיי פאַרשרייען.
און מיר איז ליב אַ רגע — נאָר אַ נייע
פון אַלץ, וואָס איז בלויז שאָטן און זכרון,
פון אַלץ, וואָס איז פאַרגאַנגענהייט געוואָרן.

# די צייט פון בויען איז געקומען

די צייט פון ליבשאַפט און פון בלומען —
די צייט פון בויען איז געקומען.

דער הימל הענגט שוין גאַנץ און לויטער
אויף גאַסן און דער העלפט פאַרבויטע.

אויך אין די פרעסט האָט נישט געשוויגן
דער ריטעם פונעם האַמער־ניגון.

נישט איין הויז איז ביי אונדז פאַראַנען,
וואָס איז אין שנייען אויפגעשטאַנען.

און דאָך וועל איך זי נישט פאַרבייטן,
די שענסטע צייט פון אַלע צייטן.

די צייט פון ליבשאַפט און פון בלומען —
די צייט פון פרילינג איז געקומען.

כ'האָב ליב דעם ריח פון די גראָזן,
פון ווייסן קאַלך אין זון צעלאָזן;

כ'האָב ליב דעם הימל ווי א שפיגל
און ווי א הינטערגרונט פאַר ציגל. —

זאָל בוים מיט בויער זיך פאַרמעסטן
צו געבן פונעם סאַמע בעסטן!

מיט ווייסן בוי און בלעטער גרינע
פון אונדז פֿאַרשטעלן די רואינען.

און פֿון די נייע פֿענצטער־טירן
זאָל קלינגען אונדזער שיר־השירים:

די צייט פֿון ליבשאַפֿט און פֿון בלומען —
די צייט פֿון בויען איז געקומען.

## אין גלי

ווי שנעל לויפט די צייט, אַ ווי שנעל
דער טאָג זאַפּט זיך איין אינעם יאָר —
אַפּט דאַכט זיך מיר אויס, אַז כ'פּאַרפּעל
און לאָז דורך אַ שטיק פון דער וואָר.

ס'איז דריי מאָל איצט טייער די צייט,
ווייל דרייפאַך אין איר אַלץ געשעט:
איין תקופה די צווייטע פאַרבייט
אין העלדישן שלאַגלער-געוועט.

איצט בויט מען אַ גאַס אין מיין שטאָט,
די גאַס פון אין-צען-יאָר-אַרום.
באַלד וועסטו דאָרט הערן דעם טראָט
פון דור, וואָס באַהערשט שוין די זון.

פון פענצטער וועט פלייצן די שיין
פון קוילן אויף-יאָרן-פאָרויס. —
און אָט אַ דעם ליכט וועט עס זיין:
די צוקונפט וועט ווערן אַנטבלויזט.

ווער האָט אַזאַ פאַרב דען פאַרטראַכט?
ווער האָט אַזאַ וווּנדער פאַרזאָגט? —
ביים פייער פון הוטע ביינאַכט
זאָל ווערן געשאַפן דער טאָג;

אין שעה זאָל פאַרביימן אַזש דריי —
פאַרוואַנדלען די אַרבעט אין גלי;
און שנעלקייט די צייט זאָל פאַרביי,
ווי אונדזער פלאַנעט אין זיין פלי!

## פאַרליבטע

פאַרליבטע האָבן גערן צו שפּאַצירן
אין יעדער צייט פון יאָר, אין יעדן וועטער.
אין זייער פרייד — די גאַנצע וועלט זיי שפּירן,
זיי קוקן אין דער ווייט — פון זייער שטח.

פאַרליבטע האָבן הונגעריקע אויגן —
זיי דרינגען דורך און דורך, זיי זעען בעסער:
מיט לעבעדיקער פאַרב איז אַלץ פאַרצויגן,
די קליינע זאַכן זענען עטוואָס גרעסער.

פאַרליבטע האָבן זוכנדיקע פינגער,
וואָס ציען צו איינאַנדער זיך, ווי פלאַמען.
די הייסע ערד ווערט הייסער נאָך און יינגער,
ווי גאָר די יוגנט גייט אַרום צוזאַמען.

פאַרליבטע וויסן נישט פון קיין שום שטערונג,
זיי ברעכן מיט געלעכטער אַלע צוימען —
זיי דאַרפן, אַז די וואָר זאָל זיי געהערן,
כדי אין וואָר פאַרוואַנדלען אויך די טרוימען.

פאַר די פאַרליבטע עפנט אַלע וועגן
דער מוט — דאָס טייערסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן.
דאָס לעבן נעמען זיי אין דעם באַוועגן —
און פאַר דעם לעבן וועלן זיי זיך שלאָגן!

## מיינע פעלדער

די פעלדער פון די חומש־יאָרן,
פון רבין אָפּגעהיטע,
געלויכטן האָבן אין זכרון
גן־עדנדיק צעבליטע.

בירושה האָב איך זיי באַקומען
פון דורותדיקער בענקשאַפט.
עס האָט זיי אויסגעשפּרייט דער אומעט
אין שטיקעניש און ענגשאַפט.

מיין טאַטע האָט אויף זיי געוועלטיקט
מיט ברכי נפשי־ניגון. —
געבענטשטע פעלדער, מיינע פעלדער
האָב איך ערשט אָפּגעקריגן.

אויף נידערשלעזיעס פעטע שטחים
איצט גרינען מיינע בייטן,
אויף שאַרפן ליכט פון אינדערוואָכן
מיין טרוים נעמט זיך פאַרביטן.

די שטילע פעלדער פון מיין קינדהייט
זיי הייבן אָן ערשט גרינען
און אַלע פרילינגדיקע ווינטן
גיי איך דאָרט אָפּגעפינען.

# ביים אָדער

איך גיי אַרום אויף ברעגן פונעם אָדער
און זע, ווי ס'נעמט זיך אָן אין ערד מיין שורש,
און זע, ווי ס'ווערט אויפסניי מיין וועג אַ גראָדער
און זע, ווי יעדעם קינד דאָ ווערט מיין יורש.

ס'איז חודש מאַי, מיט ריחות פון געגעזן
עס שוועבן אַלע ווינטן און פאַרוויגן,
אין אַלע פענצטער לייכטן בלייכע בעזן,
פון אַלע פענצטער שלאָגט אַ קינדער-ניגון.

אָ, קינדער מיינע, שווער איז דאָס געדענקען,
אַז אייך האָט מען געפונען אין די אַשן —
איך בעט דעם רעגן, אַז ער זאָל פאַרשווענקען
און אַלע טענות אייערע פאַרוואַשן.

איך גיי פאַרביי, פאַרגין זיך נישט צו ציילן
די שוואַרצע קעפּלעך אין די קינדער-היימען —
איך בעט די פרילינג-זון, אַז זי זאָל היילן
די אייגעלעך פאַרטונקלטע פון אימה;

איך בעט די ערד פון אונדזער קבר-אבות,
אַז זי זאָל זיין די ערד פון וואַקסן ווידער,
פון אומעט זאָלן רעדן בלויז די סאָוועס
און קינדער זאָלן לערנען מיינע לידער.

## ברויט

פון פעלדער נעמט מען איצט אראָפּ די תבואה —
זי ווערט אין ווייסן ברויט שוין איינגעפּרעסט.
נאָר אונדזער ערד וועט ווינטער אויך נישט רוען
און ווייטער גיין אין רוישיקן פאַרמעסט.

אין וועלדער קלויבט מען אוים די לעצטע שוואָמען,
איצט הייבט שוין אָן צו בליען דאָרט דער וושאָס.
נאָר אין דעם טיפן אונטערערד די שטראָמען
פאַרגרייטן זאַפט שוין פאַר דעם פרילינג־גראָז.

און ווען די ערד וועט זיך אויפסניי צעבליען
און לויכטן מיט דעם צווייט פון וואַלד און סאָד,
וועט אין מיין היימלאַנד בלענדיק זיך צעגליען
א שורה לאָמפּן פון א יונגער שטאָט.

אין אָט דער שטאָט, ביי איינעם פון די פענצטער,
וועט זיצן עמיץ אין א ווייט פאַרקוקט.
און זעען וועט ער, ווי די צייט די שענסטע
האָט צו זיין לעבן ראש זיך צוגערוקט.

און אָט דער פרילינג וועט זיין ליד באַפרייען
פון יענער שפּראַך, מיט וועלכער ס׳זינגט די נויט.
די פרייד וועט זיין פאַרשטענדלעך פאַר זיין רעיון,
ווי ס׳איז פאַרשטענדלעך פאַר דעם הונגער — ברויט.

# אין שטילן רעגן

ווער ווייסט דען נישט פון אַט דעם פאַרגעניגן
צו גיין שפּאַצירן אין דעם שטילן רעגן,
און קוקן, ווי עס שפּיגלען זיך און וויגן
די לאַמפּן אויף די נאַסע אַספּאַלט־וועגן?

די אָוונטיקע ווייטקייט ווערט געשטראַכן
פון טראָפּנס אין עלעקטרי־ליכט געטונקען,
ווי ס׳וואָלט פון גרויען הימל אויסגעבראָכן
דער וואָלקן מיט די פליענדיקע פונקען.

און אין דער שיין אויף ביידע ברעגן ווייסל
דערזע איך, ווי דאָס שטאָט־ליכט ווערט געטאָפּלט,
ווי אין אַ צויבער־לעמפּעלע אַ ווייסן
פאַרוואַנדלט ווערט יעטוועדער איינער טראָפּן.

עס וואַקסט אָן די באַוועגונג אַלץ געשווינדער,
די העלע פענצטער מערן זיך און מערן —
די שטאָט הייבט אָן אין מײַנע אויגן שווינדלען,
אַזוי ווי כ׳וואָלט געקוקט אויף איר דורך טרערן.

און דעמלט קומט צום ליד דער גרויסער ניגון,
וואָס גייט דער אויפגעבויטער שטאָט אַנטקעגן, —
ווער ווייסט דען נישט פון אַט דעם פאַרגעניגן
צו גיין שפּאַצירן אין דעם שטילן רעגן?

## אינײנעם

אינמיטן נאַכט, ווען אַלע מענטשן שלאָפֿן,
דערזע איך — אַלע טירן זענען אָפֿן,
פֿון זיך אַליין עס שפּרינגען־אויף די שלעסער,
די שטילקייט שפּרייט זיך אויס און ווערט פֿאַרגרעסערט
פֿאַר אַלע מײַנע רוענדיקע שכנים,
וואָס הייבן אָן צו חלומען אינײנעם.

עס פֿאַלט צום דעק דאָס מאַגיקע געפֿילדער
און אַלע שאַרפֿע, וואַכעדיקע בילדער
פֿון יאָגעניש און אָנגעשטרענגטער אַרבעט
פֿאַרלירן שנעל די שרײַענדיקע פֿאַרבן,
די סתירות און די איבעריקע פּרטים —
אין טיפֿן הונדערט־טויזנטדיקן אָטעם.

איצט לויפֿן אָן געררויש טראַנסמיסיע־פּאַסן,
דער טומל איז פֿאַרשוווּנדן פֿון די גאַסן,
באַטש שנעלער איז אין חלום די באַוועגונג
און יעדע זאַך געשעעט דאָרט אין אַ רגע.
דער הימל איז דאָרט שטענדיק בלאָ און לויטער,
די שטאָט וואָס בויט זיך — לאַנג אָן אויסגעבויטע,
די יונגע ביימער האָבן פֿעסטע שטאַמען,
און אַלע קינדער שפּילן זיך צוזאַמען,
מיט זון פֿאַרגאָסן זענען אַלע שויבן,
אין אַלע שלאַקן וווינען ווײַסע טויבן,
און אַלע מענטשן מיען זיך אינײנעם —
דאָס איז די שטאָט, וווּ אַלע זענען שכנים.

# אַ וווּנדערלעכע זאַך

אַ וווּנדערלעכע זאַך, אַז קיין שום האַרבסט
האָט ביז אַצינד מיין יוגנט נישט געשעדיקט.
פון יעדער לעבעדיקער זאַך, וואָס דאַרט —
איך איינער בלויז געבליבן בין באַגנעדיקט.

עס צאַנקט דאָס גראָז. דער ווינט גייט מיך פאַרביי
און שטיפט, די האָר פון קאָפּ צעשיט ער.
קאָן זיין דערפאַר, ווייל כ׳בין דעם פרילינג טריי
האָט איבער מיר דער האַרבסט נאָכנישט קיין שליטה.

ווי נאָר ער קומט אַריין אין מיין רשות,
פאַרשמעקט אויפסניי מיט בליעכץ פון זיין רעגן
און פון זיין ווינט — מיט פרישקייט און געגוס,
ווי ער וואָלט מיט דעם פרילינג זיך באַגעגנט.

# צווישן טאָג און נאַכט

אין יענער שעה צווישן טאָג און נאַכט,
מקוים ווערט דאָס אַלץ, וואָס איך פֿאַרטראַכט.

די צייט שטעלט אָפּ איר אייביקן געלויף —
איך פֿיר דעם טרויער מיט דער פֿרייד צונויף.

נישט אַלע מאָל איז דאָס אַ גלייכע פּאָר:
צוזאַמען טרעפֿט מען זיי נישט אויף דער וואָר.

ביים ליכט פֿון טאָג די פֿרייד איז אומפֿאַרשעמט
און רוישט — דער טרויער טרעט אָפּ בלייך און פֿרעמד.

נאָר ווען די אָוונט-טונקלקייט פֿאַרשטעלט,
ווערט צווישן זיי אַ שלום איינגעשטעלט.

דער טרויער קומט דורך דער פֿאַרמאַכטער טיר,
די פֿרייד קומט אָן פֿון אומעטום — דורך מיר.

דער טרויער זעצט זיך אוים אויף אַלע ווענט,
די פֿרייד פֿאַרנעמט מיין פּנים, מיינע הענט.

דער טרויער שווייגט, ער האָט נישט ליב קיין רייד,
נאָך ליכט און נאָך באַוועגונג בענקט די פֿרייד.

דער טרויער איז פון זיין געדענקען מיד,
די פרייד — צו דעם, וואָס וועט ערשט זיין זיך צים.

זיי שווייגן אָפּ אַזוי אַ גאַנצע שעה
ביז כ׳קוק זיך אום — דער טרויער איז נישטאָ.

פאַרגאָסן איז מיין טיש מיט העלן ליכט
און דורך דער פרייד מיין ליד ווערט אָפּגעריכט.

# מיין האַרבסט־ליד

ס'איז גאָרנישטאָ קיין סוף צו מיינע פריידן,
זיי קומען אומגעריכט און נישט פאַרקלערט.
דער האַרבסט, די צייט פון אומעט און זיך שיידן,
איז איצט די צייט פון גליק אויף אונדזער ערד.

אַזויפיל לידער האָט מען אויסגעוואויעט
ביים בלעטער־פאַל און ביי דעם זון־פאַרגאַנג,
נאָר איך האָב ליב דעם ווינט אַליין פאַרטרויען
די פעסטע סטראָפן פון מיין דרייסט געזאַנג.

איך האָב נישט מורא — זאָל דער ווינט זיך יאָגן
אַריבער דערפער און אַריבער שטעט.
וווהין ער זאָל מיין האַרבסט־ליד נישט פאַרטראָגן —
איז דאָס אַלציינס אַ ליד פון מי און זעט.

אין יעדן ווינקעלע פון מיין מדינה
שיינט איצט די שפע פון דעם ווייסן ברויט.
די זומער־זון איז לייכט דאָרט צו געפינען,
ווי אויף מיין טונקל־אָפּגעברענטער הויט.

און כאָטש דער טאָג ווערט קלענער אַלץ און קלענער —
בלייבט איבער פונקט די זעלבע צייט אויף ליכט:
אין די פאַבריקן שיינט די זון נאָך שענער
אין טויזנט לאָמפּן פון אַן אוונט־שיכט!

נאָר שפּעט ביינאַכט, אין שעה פון רו און שווייגן,
דערהער איך ווי דער ווינט קלאַפּט אין מיין טיר,
ער פּייפט און קנאַקט אין אויסגעדאַרטע צווייגן
און רופט מיך גיין מיט אים אויף אַ שפּאַציר.

אַ דאַנק! אויך איך האָב ליב אַזוינע זאַכן,
אויך איך האָב אין דעם רעגן ליב צו גיין.
נאָר בעסער נאָך איז אין דער נאַכט צו וואַכן
און בלייבן אויף אַ ווייל מיט זיך אַליין.

און זעען, ווי דער טאָג הייבט אָן צו גרויען
אויף פּייכטע שורות פון דעם פרישן ליד —
מיין ליד פון האַרבסט אין זעקסיאַר־פּלאַן פון בויען,
מיין ליד פון האַרבסט — אין זון אַדורכגעגליט!

אָקטאָבער, 1950

## גאָלדענער האַרבסט

ווער זאָגט, אַז פרילינג איז די צייט פון בלומען
און האַרבסט — די צייט פון טרויער און פון שניט?
דאָס ברויט האָט מען פון פעלד אַראָפּגענומען,
נאָר אַלעביימער שטייען אינעם צוויט.

די תבואה ליגט שוין פעסט צונויפגעבונדן —
דער ווינט נעמט איצט דעם לעצטן שניט אַראָפּ:
די זון האָט אַלע בלעטער אָנגעצונדן,
זיי פאַלן ווי די בלומען אויף מיין קאָפּ.

זיי שיטן זיך אויף מיר — פון גאָלד אַ רעגן,
פאַרבלענדעט בלייבט מיין בליק פון זייער שיין. —
ווי גוט איז, פוילן, איצט אויף דיינע וועגן,
וואָס שמעקן מיט דעם דופט פון רויך און וויין!

אויף ווייטע ראַנדן הענגט דער ראָזער נעפּל —
די ליבשאַפט צווישן הימל און דער ערד.
מיין ברוסט איז יונג גענוג אים איינצושעפּן,
מיין גוף — צו ווערן פון זיין זאַפט גענערט.

מיין שטים איז פריש גענוג — פון מיינע לידער
הילכט אָפּ דער עכאָ אין יעטוועדן וואַלד.
דאָס איז דער יוגנט־הימן פון ווערן ווידער,
און פון דער אייביקייט, וואָס ווערט נישט אַלט!

## צ ײַ ט

דו װײסט װי פֿאַרזיכטיק און צאַרט
עס איז די מעכטיקע נאַטור?
זי האַלט דעם אָטעם אײַן און װאַרט
בײַ יעדן אײנציקן געבורט.

זי בלוטיקט אױס יעטװעדעס קינד,
װאָס טײלט זיך אָפּ פֿון מוטערס טראַכט.
זי שפּירט װי זי אַלײן געװינט
און רײסט אַװעק דאָס ליכט פֿון נאַכט.

קײן מענטשלעך אױג װעט נישט דערזען,
װאָס זי באַמערקט פֿון אומעטום:
ביז צו דער רגע װײסט זי װען
עס דאַרף אַרױס פֿון קנאָספּ די בלום.

נאָר אײביק איז זי בלױז דערפֿאַר,
װאָס אַלץ פֿאַרענדערט זי און בײַט
און גיט דעם לעבן יענע פֿאַרב,
װאָס מענטשן רופֿן אָן: די צײַט.

# דער ערשטער וועג

דעם קינד, וואָס גייט צום ערשטן מאָל אין שול,
ווייזט אויס זיך, אַז די גאַנצע שטאָט איז פול
מיט לויפנדיקע אויטאָס און געשאַל
און מיט דער וואָרענונג פון ליכט־סיגנאַל —
דאָס רויטע אויג, וואָס וואַכט אויף יעדן ראָג,
אַז רויק גיין זאָל דאָס גערויש פון טאָג.
דער אָטעם ווערט פאַרשלאָגן פון געיעג,
און דריי מאָל לענגער ציט זיך אויס דער וועג,
וואָס ווערט דורך רעדער אין געאייל פאַרשטעלט —
דער ערשטער וועג, וואָס פירט פון שטוב אין וועלט.

און דו, וואָס ביסט צו דער געפאַר געוווינט,
ווייל דיין געניטקייט האָט דיך אָפגעשווינט
און אויסגעאיבט אַזוי דיין שנעלן טראָט
צו שפּאַנען לייכט אין טומל פון דער שטאָט,
אַז נישט דיין אויג בלויז — אויך דיין בלייכע הויט,
זאָל טאָן אַ צאַפּל, ווען דאָס ליכט ווערט רויט —
דערפילסט דעם ציטער, וואָס גייט דורך דיין האַנט,
ווען דו בלייבסט מיט דעם קינד שטיין ביי דעם ראַנד.

און דו דערזעסט צום ערשטן מאָל די גאַס
מיט אויגן פון דעם קינד אין ערשטן קלאַס:
דאָס שאַרפע קלינגען פון דעם טראַמוויי דראָט,
און, שיפּענדיק, עס יאָגט זיך ראָד נאָך ראָד
און פאָרזיכטיק דו פירסט דיין קינד ביים האַנט
פון גאַס צו גאַס, פּונקט ווי פון לאַנד צו לאַנד.

## צו אַ קליינבירגער

איך ווייס, ווי שווער דיר איז איצט אַנצוהייבן,
ווען ביז צום האַלדז שוין שטייסטו אין די יאָרן.
די סאַמע שווערסטע זאַך פאַר דיר איז — גלייבן,
אַז פון יסוד איז אַנדערש אַלץ געוואָרן.

אַ שאָד איז דיר דיין מינדעסטע געוווינהייט,
דאָס קלענסטע, וואָס געהער דיר — אָפּצוגעבן.
און אונדזער דור האָט זיך נישט ליב צו שוינען
און גיט מיט פרייד אַוועק דאָס גאַנצע לעבן!

דיך שרעקט די גאַס, דיך יאָגט דאָס ערשטע ווינטל
און קערסט זיך אום, ווען דיר פאַרכאַפּט דער אָטעם.
פאַרלירסט דאָס לשון, פאַר די אויגן שווינדלט
און — פרווּוסט צוריק באַהאַלטן זיך אין שאָטן.

דאָרט איז דיר גוט. דו טראַכסט דאָרט צו פאַרברענגען
די קורצע צייט, ווי לאַנג דיין לעבן דויערט.
און אָפּגעשלאָסן אין דיין תחום דעם ענגן
ווילסט אויסגיין זיס, פון זיך אַליין באַדויערט.

דער האַרבער טאָג וואַרפט אָן אויף דיר אַן אימה.
דו פרווּוסט אָן אויפהער זיך פון אים פאַרצוימען,
און שפּרעכסט אים אָפּ מיט כישוף־רייד געהיימע —
די שפּראַך פון דיינע אָפּגענאַרטע טרוימען.

די גרויסע צייט גייט גרוויזאַם דיך אַריבער,
פאַרברענט דיך מיטן הויך פון אירע פלאַמען.
קיין שפור אַפילו בלייבט פון דיר נישט איבער,
אַז האָסט געלעבט אַמאָל מיט אונדז צוזאַמען.

## אַ בייזער חלום

מיין קינדהייט האָט אַ סך געליטן
פון איינעם אַזאַ בייזן חלום.
ער האָט קיין נאַכט מיך נישט געמיטן
און פלעגט אין שלאָף זיך ווידערהאָלן:

עס לויפט נאָך מיר אַ גרויסער שאָטן
און וויל איינגאַנצן מיך פאַרשלינגען.
באַלד וועט ער האָבן מיך צעטראָטן,
באַלד וועט ער מיך אַריבערשפּרינגען.

זיין אויסזען קען איך נישט גענויער —
דעם בליק כ'האָב מורא אומצוקערן.
בלויז הינטער זיך איך פיל דעם לויער
פון זיינע טריט — נישט צום דערהערן.

איך פּרוּוו אַנטלויפן און אַנטרינען
פון אָט דער פינצטערער פאַרפאָלגונג.
נאָר ס'ווילן מיר די פיס נישט דינען —
דער שרעק זיי ווילן זיך נישט פאָלגן.

איך וויל פון פּחד זיך צעשרייען
און רופן, אפשר וועט ווער קומען
נאָר שווער איז כאָטש אַ וואָרט באַפרייען —
די צונג איז טויט און אַפּגענומען. — — — —

ניין, נישט געקאַנט האָט מיך דעריאָגן
דער שאָטן — איבער אַלע יאָרן:
מיין קינדהייט האָט אים אָפּגעשלאָגן
מיט פליגל פון די טויבן־פּאָרן.

מיין יוגנט איז געווען אַ פלינקע
און האָט, אַ דרייסטע, אים געמיטן.
און אויך אַצינד, אין פולן זינגען,
אין ליכט איך שטיי, אין סאַמע מיטן.

נאָר פונקט ווי מיט די קינדער־פריידן,
אַזוי איז אויך מיט יענע שרעקן:
דער בייזער חלום, נישט צום שיידן,
איז אין מיין בלוט געבליבן שטעקן.

## דאָס ליד ווערט נישט צונויפגעשטעלט...

דאָס ליד ווערט נישט צונויפגעשטעלט פון ווערטער
אַרויפגעצויגענע אויף ריטעם־שנורן —
דער פלאַטער פונעם בלוט, אַ קוים־דערהערטער
דאַרף קלאַפּן אין דער לעבעדיקער שורה.

דאָס פייער פון דעם לעבן מוז באַגלייטן
דעם קלאַנג אויף צו פאַרוואַנדלען אים אין ווונדער —
פון יעדן איינעם וואָרט באַדאַרף דיר וויי־טאָן,
ווי אומגעריכט געטראָפן און פאַרווונדעט.

ווייל בלויז דאָס וואָרט, וואָס ווערט מיט בלוט באַגעגנט
איז ווערט געוואָרן ווידער אומצוקערן
דעם פאָלק, וואָס האָט זיין שפּראַך דיר אָפּגעגעבן
כדי אין נייע לידער זי דערהערן.

# אויף אַ מהלך

אויף אַ מהלך בין איך מיט מיין שאָטן,
נאָר נאָכגיין מיר — איך קאָן אים נישט פאַרבאָטן.

אָן אים, מסתמא, וואָלט געווען מיר פריידיק,
אָן אים, קאָן זיין, געווען וואָלט מאָדנע ליידיק.

נישט איינמאָל כ׳האָב געוואָלט פון אים אַנטלויפן
און יעדעס מאָל פאַרטראַכט אַן אַנדער אופן.

אָט האָב איך כיטרע-שטיל אַרויסגעדרייט זיך
און אָט גאָר — אָפן-שרייענדיק געשיידט זיך.

נאָר שטענדיק איז ער ווידער אויסגעוואַקסן
און אָנגעהויבן קילן מיר די אַקסלען,

און פּענטען מיינע פיס, דעם האַלדז און נאַקן —
נישט אויפצובינדן, נישט צום איבערהאַקן,

נישט צו דערהרגענען, נישט זיך אָפּצוזאָגן,
נישט אויף זיך שיידן און נישט אויף זיך שלאָגן,

נאָר פירן אויף דעם זעלביקן מהלך
דאָס ראַנגלעניש פון יעקב מיטן מלאך. — — — —

קאָן זיין, אַז ער איז אויסן גאָר מיין טובה,
קאָן זיין, ער קומט גאָר מאָנען אַלטע חובות,

און ער איז דער שליח פון געוויסן,
ווער קאָן פאַרשטיין, ווער קאָן זיך דאָס דערוויסן?

ער גייט בלויז נאָך, ער וויל מיך נישט פאַרלאָזן. —
דערווייל פאַרלעשט ער הינטער מיר די גראָזן,

ער ליידיקט אוים די זאַנגען פון די ווייצן,
און פאַרבט די ביימער אָפּ אויף שוואַרצע קרייצן,

און האַקט די שורות פון מיין ליד אין פּסוקים —
און צווינגט אויפסניי צוריק זיך אומצוקוקן.

# די שילערין פון דריטן קלאַס

•

עס עפנט זיך די וועלט אויף אַלע וועגן,
מיין חכמה און דערפאַרונג ווערן בלאַס,
ווען מיך הייבט אָן פאַרעקשנט אויסצופרעגן
מיין קינד — די שילערין פון דריטן קלאַס.

דער חידוש שיינט אַרויס פון אירע אויגן
און אויף איר שטערן קנייטשט זיך אַ פאַרדראָס.
אויף אירע ליפּלעך — שמאָל און אויסגעצויגן —
איז צוגעגרייט אַ שטענדיקער פאַרוואָס?

איך בין זיך מודה: נישט אויף אַלע פראַגן
ווייס איך אַליין דעם אמתן באַשייד,
און אָפטמאָל האָב איך מורא אויך צו וואַגן
דעם ענטפער זוכן אין געגראַמטע רייד.

נישט איינמאָל האָט דאָס וואָרט מיך אויסגעמיטן
און נישט געוואָלט מיין ראַנגלעניש פאַרשטיין,
און נישט איין אמת האָב איך אויסגעשניטן
און אויסגעהאַקט פון שווייגנדיקן שטיין.

טאָ וואָסער ענטפער זאָל איך איצטער געבן,
אַז איך אַליין זאָל בלייבן נישט פאַרשעמט,
אַז שפּעטער אויפן וועג פון גרויסן לעבן
זאָל איך נישט ווערן פון מיין קינד פאַרפרעמדט?

מיר דאַכט זיך אויס, אַז אַלע מיינע לידער
פאַרוואַנדלען זיך צוריק אין שוואַרצן טינט,
ווען אַלע פראַגן שטעלט פאַר מיר איצט ווידער
די שילערין פון דריטן קלאַס — מיין קינד.

# האַלב־באַקאַנט

דאָס טרעפט, געוויינלעך, אין אַ מיטן וואָך:
דערפילסט אין גאַס, אַז עמעץ קוקט דיר נאָך.
קערסט האַסטיק אום דעם קאָפּ און דו דערזעעסט
ווי אין המון האָט שנעל זיך איינגעפּרעסט
אַ פּנים — האַלב באַקאַנט און האַלב־פאַרשעמט,
אַ פּנים, וואָס איז נאָענט און אויך פרעמד.
דיין רו ווערט אויפגעטרייסלט און צעשטערט,
ווי דו וואָלסט ערשט פאַרלוירן אויף דער ערד
די אומגעריכטסטע פרייד, דאָס גרעסטע גליק,
וואָס קומט בלויז איינמאָל — קיינמאָל נישט צוריק.

דו ראַנגלסט זיך אין פליסנדיקן שטראָם
פון מענטשן, ווי ער וואָלט געשלעפּט דיך אין תהום.
דו שניידסט זיך דורך מיט קראַפט אַ וועג צוריק
און ווילסט דעריאָגן יענעם פרעמדנס בליק,
וואָס האָט דעם אומרו אין דיין בלוט אַנטדעקט
און פון דעם טאָג־געררויש — דיך אויפגעוועקט.
דו ווייסט געווויס, אַז האָסט אים שוין געזען,
כאָטש דו געדענקסט נישט ווו און אויך נישט ווען,
נאָר איצטער, אויב ער וועט נישט בלייבן שטיין,
בלייבסט דו אויף שטענדיק איינזאַם און אַליין.

און דאָ קאָן זײַן, אַז ס'איז אַ טעות בלויז,
אַז מיט דעם מענטש װױנסטו אין זעלבן הויז
און ס'טײלט אים אָפּ פֿון דיר אַ דינע װאַנט —
דערפֿאַר איז ער באַקאַנט און נישט־באַקאַנט.
ס'קאָן זײַן — דו מײַדסט אים אויס אַ יעדן טאָג,
דו טרעפֿסט אים אויף די שטיגן פֿון דײַן שטאָק,
פֿאַרטראַכטערהײט דו טרעטסט אים אָפּ דעם װעג,
און דו באַמערקסט אים נישט דורך הונדערט טעג,
נאָר גראָד אין גאַס, אין טומל און אין שײַן,
עס פֿאַלט דיר אײַן, אַז דאָס איז דײַנס אַ פֿרײַנט.

# אַ ראַנדעוווּ אין פּאַריז

דו זײַ נישט חושד — כ'וויל זיך נישט באַרימען,
דו מיין נישט, אַז איך האָב אַ שפּאַס פאַרטראַכט —
איך וויל מיט דיר אַ ראַנדעוווּ באַשטימען
ביים סוף פון זעקסיאָר, אין דער לעצטער נאַכט.

ס'וועט ווינטער זיין, נאָר איך בין גרייט צו פרירן
אין יענער גרויסער נאַכט אַ שעה און צוויי,
און מורא האָבן כ'זאָל דיך נישט פאַרלירן
אין העלן ליכט פון נעאָן און פון שניי.

נאָר איין זאַך: מיר איז שווער דיר אָנצווייזן
דאָס אָרט פון אונדזער ראַנדעוווּ גענוי.
קאָן זיין, אַז יענע גאַס ליגט נאָך אין אייזן,
קאָן זיין — זי איז אין סאַמע מיטן בוי.

און אפשר — אויב מען מעג אַ פרייד באַשטעלן
פון איצטער איבער יאָרן אין פאַריז —
איז אָפּגערעדט: באַגעגענען מיר וועלן
דעם סוף פון זעקסיאָר פאַר דעם גייסטן הויז.

## די שענסטע רייזע

אין נחת אויסגעגעבן
וואָלט איך אַזוי די יאָרן:
אַ העלפט פון זיי אויף לעבן,
די צווייטע העלפט — אויף פאָרן!

אין אַלע ליבע ערטער
איז אָנגעזאָגט מיין קומען,
און אין די שטעט און דערפער
מען וואַרט מיך אָפּ מיט בלומען.

אויף אַלע שנעלע באַנען
איז שטענדיק איין אָרט ליידיק
כדי מיך צו דערמאָנען
אַז איך בין ערגעץ נייטיק...

ניין, וויפל לאַנגע יאָרן
ס׳זאָל דויערן מיין רייזע,
ווייס איך נישט, צי פאַרפאָרן
כ׳וועל אומעטום באַווייזן.

אין יעדער שטאָט באַזונדער
דאַרף איך דאָך אויסצושטייגן,
כדי אין אַלע וווּנדער
אַליין זיך איבערצייגן.

כ'האָב אומעטום באַקאַנטע,
וואָס קוקן אויס און האָפן.
און מיר איז אַזש אַ שאַנדע —
זיך קיינמאָל נישט געטראָפן!

איז אפשר בעסער בלייבן
און קיינעם נישט פאַרגעסן,
און יעדעס ליד מיינס שרייבן
אויף טויזנטער אַדרעסן?

אין אַלע צו געדענקען
דאָס ליד בלויז קאָן באַווייזן.
נאָך אַלעמען צו בענקען
דאָס איז די שענסטע רייזע!

# אינהאלט

## אויף אייביקייטן

זייט



## פאר אלץ, וואס איז טייער

## ביי אַ ליכטיקער שויב

## פרילינג און פרידן



## דאָס נייע הויז